# אינהאַלט:

IV.



V.



VI.

# דער אריינפיהר

מיט פערגעניגען האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג צו שריי־
בען דעם אריינפיהר צו יוסף יפה׳ס ליעדער. מיט פערגעניגען, ווייל
זיי זיינען מיר טייער און ליעב, ווי דער דיכטער אליין, און עס איז
מיר א נחת רוח צו רעדען וועגען איהם און זיין דיכטען.
אפשר האָב איך דערפאַר נישט געדאַרפט אָננעהמען די איינ־
לאַדונג, ווייל איך בין נישט אונפאַרטייאיש און וועל נישט קאָנען
זיין גענוג אָביעקטיוו. דאָך איך געה דאָ נישט שרייבען קיין קריטיק,
נישט אָבשאַצען דעם קינסטלערישען ווערטה פון די ליעדער. נישט
לויבען וועל איך און נישט רעדען אין הויכע מדרגות. נאַר איך געה
טון דעם ווילען פון די פערלעגער, וועלכע האלטען עס פאַר וויכטיג,
פאַר געשעפטסמעסיג, אז א ווענִיג בעקאַנטער דיכטער זאָל אריינ־
געפיהרט ווערען אין דער וועלט פון שרייבער און לעזער דורך א
מעהר בעקאַנטערען.
עס בעווייזט אָבער דעם טרויעריגען צושטאַנד פון דער אידי־
שער ליטעראַטור, אז א דיכטער, ווי יוסף יפה, איז נאָך גאַנץ אונ־
בעקאַנט און דאַרף אריינגעפיהרט ווערען. טיילווייז איז עס די שולד
פון דעם דיכטער אליין, וועלכער דיכטעט ווי דער פויגעל זינגט,
נישט אום בעריהמט צו ווערען און נישט אום געלד צו פערדיענען,
און האָט געדרוקט אלע זיינע ליעדער אין א ווענִיג געלייענטער,
איהם אָבער ליעבער ניו יאָרקער פּאַרטיי־צייטונג. דאָך אונזערע
קריטיקער קענען איהם, האָבען איהם געלייענט. און האָבען איהם
פערשוויגען, האָבען אויף איהם נישט אויפמערקזאַם געמאַכט. אין
דעם ליעגט די טרויעריגקייט פון דעם צושטאַנד פון אונזער ליטע־

ראטור, די אונפעראנטוואָרטליכקייט, די נאָכלעסינקייט, די נישט־ערנסטקייט, וועלכע הערשען אין איהר. וואָרום וואָלטען אונזערע קריטיקער ערנסט גענומען אונזער ליטעראַטור, געהאַלטען זי אין כבוד און געשעצט זי, האָבען זיי שוין לאַנג געמוזט אויפמערקזאַם מאַכען זייער לעזער־וועלט אויף יוסף יפה׳ן. וואָרום יוסף יפה איז איין „איינגענער“, אַ גאַנץ בעזונדערע ערשיינונג אין אונזער ליטע־ראַטור, און זיין אַרט דיכטען — אַ זעלטענהייט, איין אויסנאַהם.

געוויס, עס האָבען ביי אונז אויך אַנדערע דיכטער ליעבע־ליעדער געשריעבען. כמעט אַלע אונזערע דיכטער האָבען אין גע־מאַסטענע און געגראַמטע שורות זייער געליעבטע בעזונגען, זייער גליקליכע און אונגליקליכע ליעבע, זייער זיעג און ביינקענים, זייער פרייד און פערצווייפלונג. אָבער די ליעבע־ליעדער זיינען דאָס רוב אַ צופאַל ביי אונזערע דיכטער, וועלכע זינגען דער עיקר פון פּראָ־לעטאַרישער אָרמקייט און עלענד, פון אַרבייט און קאַמפף, אָדער פון אידישע צרות און אידישע האָפנונגען. די ליעבע־ליעדער זיינען דאָס רוב אַ מוז; עפּעס, אָהן וואָס מען קאָן נישט זיין קיין גאַנצער דיכטער. קיין הארצבעדירפנים, נאָר אַ טעמאַ. ווייל היינע האָט ליעבע־ליעדער געשריעבען!

יוסף יפה זינגט דער עיקר פון ליעבע — —

ער האָט אַ וואַרם אידיש האַרץ און איז אַ זעהר הייסער איד. ביז צו שאָוויניזמוס אפילו. אויף זיינע אידען טאָר קיין שטויבעלע נישט פאַלען. אידען, אידען איבער אַלעס. אַלעמען אויף צו להכעיס זיינען זיי דאָך דאָס אויסגעוועהלטע פאָלק. אפשר האָט ער עס אין זיין בלוט. ער איז דער זוהן פון אַ רב, דער איניקעל און אוראייניקעל פון רבנים, דער שפּראָץ פון לאַנגע דורות רבנים ביז צו רב מרדכי יפה דעם בעל „הלבוש“, פון לאַנגע דורות אידישע פאָהנענ־טרעגער — דאָס געהט נישט לייכט פערלאָרען, דאָס מוז זיך אָברו־

פען. נאָר ווי די מעשה איז, ער א י ז א זעהר הייסער איד. און דאָך האָט ער זעהר וועניג נאציאָנאַלע ליעדער געזונגען, זעהר וועניג געגעבען אונז פון זיין אידישען שטאָלץ און זיין אידישען טרויער.

ער איז אַרבייטער און פּראָלעטאריער. נאָך אַלס דרייצעהנ־יעהריגער אינגעל פערלאָזט ער זיין געבורטסשטאָדט סאַלאַנט און פאָהרט אוועק אין ווילנא, וואו ער טרעט אריין צו א גראַוויאָר אין דער לעהרע. דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען האָט ער אָבגעאַר־בייט אויף פרעמדע ווארשטאַטען און וויים זעהר גוט דעם טעם פון דעם אַרבייטער'ס נויט און עלענד. מיט הארץ און זעעל איז ער אויף דער זייט פון דער אַרבייטער־קלאַסע און חלום'ט איהר בע־פרייאונג. און דאָך האָט ער זעהר וועניג אַרבייטער־ליעדער געזונגען, זעהר וועניג געגעבען אונז פון זיין מיטגעפיהל און זיין בעפרייאונגס־חלום.

דאָס איז, ווייל ער ציטערט פאַר דעם שאָטען פון א געלעגענ־הייטס־דיכטער, ווייל ער האָט מורא איין איבער'חזר'ער צו זיין. נאציאָנאַלע און סאָציאַלע ליעדער זיינען א מין מאָדע געוואָרען, און ער וויל נישט געלטען אַלס איינער פון די מיטלויפער און מיטזינגער. און דאָס נאָך: נאציאָנאַליזמוס און קלאַסענקאמפף זיינען נישט בלויז א הארץ־זאַך, זיי זיינען אויך א קאָפּ־זאַך. אין זיין ליעבע צום אידישען פאָלק, אין זיין אנהייגערשאפט צו זיין קלאַס, איז ער זיך ב ע וו ו א ו ס ט געוואָרען דורך אַנדערע, דורך ביכער, צייטונגען און רעדנער, דורך מאַסענבעוועגונגען. אין יעדעם נאציאָנאַלען אָדער סאָציאַלען געדיכט מוז זיין עטוואָס אָבגעטראַכטעס, געוואָלטעס. עטוואָס, וואָס אַנדערע האָבען אריינגעגעבען, בעאיינפלוסט. און ווייל יוסף יפה פיהלט אין זיך שטארק דעם איינפלוס פון דרויסען, פיהלט ער זיך נישט פריי, נישט זיכער. עס קומט איהם אויס, ווי ער וואָלט געדיכטעט אויף בעשטעלונג, געטריבען פון א פרעמדען

ווילען. יא, ער וואָלט געוואָלט א ליעד „שמיעדען פון שוועבעל, פעך און פלאַם, א בליץ אין יעדער שורה, א דונער יעדער גראַם“, אום צו העלפען אַבצוראַמען דאָס גאַנצע אונרעכט פון דער וועלט. אָבער די אינערע אונזיכערהייט און אונפרייהייט בינדט איהם גייסט און הענד — —

זינגט ער דער עיקר פון ליעבע.

די ליעבע איז זיין אייגענס. צי גוט צי שלעכט, אָבער ער זינגט פון געפיהלען, וועלכע זיינען זיין אינוועניגסטער סוד, וועלכע זיינען ביי איהם אין הארצען פון עלערהויט אויפגעשטאַנען, מיט זייער אייגענער קראַפט, פון אינוועניג ארויס, געוואַקסען און געשטיגען; פון איבערלעבעניסען, וועלכע זיינען זיינע אייגענע, וועלכע ער טיילט מיט קיינעם נישט. זיין אייגען הארץ איז די קוואַל פון זיינע געפיהלען און זיין געזאַנג. די ליעבע, ווי די נשמה, איז א טאָכטער פון הימעל און א גאָט׳ס בענשונג. זי קאָן נישט אויפגעוועקט ווע־רען אין הארצען דורך אגיטאַציאָן, אין יעדער ברוסט נעמט זי אָן איין אַנדער געשטאַלט, און ווערט נישט וואַכעדיג דורך א מאַסענ־שטעמפעל. דאָ פיהלט זיך יוסף יפה פריי און זיכער. צי גוט צי שלעכט, דאָ איז ער ער אליין.

אַמאָל, אין די ערשטע יאָהרען פון זיין דיכטען, האָב איך איהם אָנגערופען „דער שטיפער אין דער אידישער ליטעראַטור“. דאָס איז געוועזען נאָך אַזעלכע ליעדער, ווי „דער אוצר“, „די שטרענגע וואָך“, די „דאַבע“־ליעדער, „די ליעבע זאָל לעבען!“, „דער לימור“, „צוויי שוועסטער“, „זיינען מיר צוויי בחורים“ א. ז. וו. אין דער אַלגעמיינער ערנסטקייט און אָנגערוקטקייט, וועלכע הערשט אין אונזער לעבען און ליטעראַטור, וואו די הויפט־טעמאַס זיינען נויט, עלענד און צרות, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע, האָט דער שטיפער אריינגעטראָגען א בעזונדערס ערפרישענדיגען און בעפרייענדיגען

טאָן מיט אזעלכע לעבענסלוסטיגע, שטיפערישע, שקאָציקעוואטע לידער. באלד אָבער דרינגט אריין א טרויעריגע נאָטע אין זיינע לידער. דעם שטיפער׳ס בליק אויף דאָס לעבען ווערט ערנסט. ער ניכטערט זיך אויס פון דער ליעבע־שכרות, און ער דערזעהט פלוצ־לינג דעם אייביגען קאמפף צווישען די געשלעכטער, צווישען זכר און נקבה. דער מאַן ליעבט די פרוי, אָבער זי איז איהם דער אַנדער מין, איין אַנדער וועלט, עטוואָס פרעמדעס. ליעבע איז א נאטור־קראפט. ער מוז ליעבען, פיעל און אונערזעטליך. אָבער עטוואָס איז אין דער פרוי, וואָס רופט ארויס זיין געגנערשאפט, אפילו זיין האַס. אָט יויכצט ער פול ליידענשאפט און זיין ליעבע איז א ים, אָבער אין דער אייגענער צייט טראָגט ער אויף זיינע ליפען א קללה פאַר דער פרוי, איז פול מיט ביטערער איראָניע און זאָגט איהר אָן אונצעהד־ליגע ביטערניסען. ער וויל ליעבען און פריי זיין. דער קידושין־רינג איז א קייט, און דאָס לעבען איז „אַך, ווי שווער, ווי שווער!“ — עס איז די אַלטע געשיכטע פון דעם יונגען שלמה, דעם שיר השירים זינגענדיגען, וועלכער ווערט אין זיינע שפּעטערע יאָהרען א קהלת.

יוסף יפה איז יעצט 48 יאָהר אַלט. ער האָט אָנגעהויבען שפּעט צו דיכטען — אין זיין אכט־און־צוואנציגסטען יאָהר. ארבייטענדיג שווער גאַנצענע טעג פון זיין פריהער יוגענד אָן, געפינט ער דאָך צייט אויף ביכער צו לייענען, דער עיקר דיכטער, און ער לייענט איבער אַלע רוסישע און אין רוסיש איבערזעצטע דיכטער. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געוואַגט צו טראַכטען, אז ער איז אויך א נעזאַלבטער פון גאָט. דער דיכטער אין איהם האָט געפונען זיין בעפריעדיגונג אין לעזען אַנדערע דיכטער. ערסט אין זיין 28סטען יאָהר האָט ער דורך א צופאַל אָנגעשריעבען א געדיכט, און דאָס צופעליגע געדיכט איז געוועזען דער גוטער אָנהעב. אָבער עד היום גלויבט ער נאָך עפּעס זיינע אויגען נישט. ווי קומט עס צו איהם?

ער שטעהט פאַר זיין שאַפען, ווי פאַר אַ גרויסער רעטענים. דער־
פאַר אפשר האָט ער מעהר ווי אַלע אַנדערע דיכטער אָבגעגעבען זיך
מיט אַנאַליזירען דעם פּראָצעס פון שאַפען און אָנגעשריעבען אַזוי
פיעל „שאַפונגס“־ליעדער. פלוצלונג גאָר, דוקא ווען ער איז פער־
וואָרפען מיט אַרבייט, אין דעם שרעקליכען געוויש פון די מאַשינען
און די אַרבייטער אין דעם יואוועליר־שאַפּ, שטעהען אויף בילדער
פאַר איהם, וועלכע צולעגען זיך באַלד אין ווערטער, אין געמאָסטענע
שורות און סטראָפען. זיינע ליפּען העבען זיך אָן צו בעוועגען —
דאָס זאָגט ער זיך פאָר די צונויפגעשטעלטע שורות, ריכטיגער, דאָס
זינגט ער זיך זיי פאָר, ווייל אַלע זיינע ליעדער ווערען אין איהם
בעשאַפען אינאיינעם מיט אַ ניגון. זינגענדיג, חזר'ט ער זיך זיי איין,
אום שפּעטער, ווען ער וועט פריי ווערען, אויפצושרייבען זיי אויף
פּאַפּיער. און ווען ער קומט אין אָווענד אהיים, בעוועגען זיך נאָך
זיינע ליפּען, און זיינע אויגען גלאַנצען מיט אַ גאַנץ מאָדנעם פייער.
דאַן ווייסען די אַרומיגע: יוסף איז געקומען מיט אַ נייעם געדיכט!

אָבער קיין איין מאָמענט פאַר אַלע יאָהרען פון זיין דיכטען
האָט ער זיך נישט געפיהלט פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלען דיכטער, פאַר
אַ דיכטער פון בערוף. דאָס האָט איהם לייכט געמאַכט צו דרוקען
זיך אין אַ ווענינ געלייענטער צייטונג. ער דיכטעט דאָך בלויז פאַר
זיך. — —

איך האָב זיך אבגעהאַלטען צו רעדען פון זיינע ליעדער,
אָבער איך וויל מיך ניט אָבהאַלטען פון אויסצודריקען מיין
האָפנונג, אַז גאָר באַלד וועט מען איינזעהן, וואס פאַר אַ גרוי־
סער געווינס די פאָרליעגענדע זאַמלונג איז פאַר אונזער ליטעראַטור,
און יוסף יפה וועט אייננעהמען ד י שטעלע אין אונזער ליטעראַטור,
וועלכע ער פערדיענט.

דוד פינסקי.

## ווידמונג

פאר די אנגענעמע ליידען,
פאר די שטונדען פולער פריידען,
וועלכע דו האָסט מיר פערשאַפט,
ווידמע איך דיר, קינד, אצינדער
אַלע מיינע ליעדער־קינדער,
קינדער פון מיין בלוט און קראַפט,
וועלכע כ׳האָב אין זיבצעהן יאהרען
מיט דיין הילף דער וועלט געבאָרען,
מיין געליעבטע בעללאַ.

---

די וועלט איז א חלום, געליעבטע,
דער הימעל, די שטערען, די זון,
און אלץ, וואָס עס טוט זיך ארום אונז, —
מיר חלום׳ען בלויז נאָר דערפון.

א חלום — דער שרעקליכסטער שטורעם,
א חלום — די שטילקייט, די רוה.
דיר חלום׳ט, איך בין דיין געליעבטער,
מיר חלום׳ט, מיין ליעבסטע ביזט דו.

טאָ לאָ'מיר אונז צערטליך פערוויגען
אין ליעבעס פאַנטאַסטישער פראַכט,
און חלום'ען זיסע חלומות
און קיינמאָל נישט ווערען ערוואַכט!

* *
*

מיר חלום'ט: אַן אידישער דיכטער
בין איך, אָהן א היים, אָהן א לאַנד,
און קיינער פערנעמט מיינע ליעדער,
נור דו איינע רייכסט מיר די האַנד.

דו טרייבסט פון מיין האַרצען דעם יאוש
ארוים מיט דיין הייליגען בליק;
איך הייב אזוי פרעהליך אָן זינגען
און דו הויכסט מיר איין די מוזיק.

און זינגענדיג וואַקסט אונזער ליעבע,
און ליעבענדיג ווערסט דו מיין פרוי.
מיר שוועבען אין הימעלשע וועלטען — — — —
און דיר חלום'ט אויך זיך אזוי.

* *
*

מיר חלום'ט: עס האָט אונז די ליעבע
א קינד א מתנה געבראַכט.
אַ טאָכטער — א דבורה הנביאה,
א שטערען אין טונקעלער נאַכט.

און ס'ליעבט זי א דיכטער א יונגער
פון גרעסטען טאַלאַנט און ערפאָלג, —
אַ שטאָלץ פאר דער מענשהייט דער גאַנצע,
א טרייסט פאר זיין ארימען פאָלק.

און זי ליעבט איהם אויך אזוי הארציג.
מיר קוקען מיט שמחה אָהן שיעור,
ווי ס'חלום'ען אונזערע קינדער
די זעלבע חלומות וואָס מיר.

* *
*

מיר חלום'ט : מיר זיינען צוויי שיינע,
צוויי גרויע, גאַנץ אלטינקע לייט,
און ס'האָט אונזער שטונדע געשלאָגען,
געקומען צו שטאַרבען די צייט.

מיר קוקען אונז אָן גאַנץ פערוואונדערט
און נעהמען אונז פעסט פאר די הענד ;
מיר בלייבען פערגליווערט אין איינעם,
פערליעבט און געטריי ביז צום ענד.

און וויינענדיג מאַכען די קינדער
די אויגען די שטארע אונז צו.
מיר ליגען צוזאמען אין קבר
און שלאָפען אין אייביגער רוה.

* *
*

די וועלט איז א חלום, געליעבטע,
דער הימעל, די שטערען, די זון,
און אלץ, וואָס עס שפּיעלט זיך אָב אין אונז —
מיר חלום'ען בלויז נאָר דערפון.

א חלום — די פרעהליכסטע טענער,
א חלום — דער שטילסטער געוויין;
אַ חלום — די צערטליכסטע ליעבע,
אַ חלום — דער חלום אַליין.

טאָ לאָמיר אונז דאָפּעלט פערוויגען
אין ליעבעס פאַנטאַסטישער פראַכט,
און חלום'ען זאַנפטע חלומות
און קיינמאָל נישט ווערען ערוואַכט...

זאָגט דער בורא מיר אַזוי:
„געה און נעהם זיך דיר אַ פרוי,
בוי א שטיבעל, קריעג אַ קינד,
וועט דיין לעבען זיין דיר לינד“.
געה איך אין דער וועלט אַרויס,
זוך אַ תוה׳לע מיר אויס.
דאָך, זי ברייגגט מיר ניִשט קיין קינד,
איז מיין לעבען אַלץ נישט לינד.
זאָגט דער בורא מיר אַזוי:
„׳ך בענש דיך היינט מיט נאָך אַ פרוי.“
און ער האָט דיזעלבע נאַכט
מיר די מוזע צוגעבראַכט.
האָב איך אָפּט אַ ליעדעל-קינד,
און מיין לעבען איז מיר לינד.

# פּראָלאָג

און דונערט און בליצט עס, איך שרעק מיך נישט אָב:
עס ציטערט מיין האַרץ נישט, איך בויג נישט מיין קאָפּ.

צו שילט איהר, צו לויבט איהר אין טאָג מיך אריין —
איך זינג מיר מיין ליעדעל און לוסטיג זאָל זיין.

אַ פלעשעל שאַמפּאַניער, א גוטע ציגאַר,
אַ מיידעל א שיינע, דערצו נישט קיין נאַר,

אַ ליעדעל אין האַרצען, א פּידעל אין האַנד —
און שלאָגט אייך מיר אַלע דעם קאָפּ אָן די וואַנד.

# אָפּען

„דיין ערשטע און לעצטע וועל איך ביי דיר זיין,“
זאָגט מיר מיט שמחה די ליעבינקע מיין.
— צו שפּעט, מיין געליעבטע, דאס איז שוין געשעהן:
איין אַנדערע איז שוין די ערשטע געוועזן.

„דיין צווייטע און לעצטע וועל איך ביי דיר זיין,“
זאָגט מיר מיט טרערען די ליעבינקע מיין.
— צו שפּעט, מיין געליעבטע, אויך דאָס איז געשעהן:
איין אנדערע איז שוין די צווייטע געוועזן.

„קיין ערשטע, קיין צווייטע... מיין וועהטאג איז גרויס...
דאָך בלייב איך דיין לעצטע, דאַן מאַכט מיר נישט אויס.“
— פיליייכט, מיין געליעבטע, מיין לעבען, מיין לוסט!
פיליייכט, ווען איך שטאַרבען זאָל איצט אויף דיין ברוסט.

# מיידלעך

מיידלעך ? — בלימלעך און נישט מעהר,
גיט מיר בלומען־קרענץ אַהער !
לעגט מיר בלומען אויפ'ן ברוסט ;
מיידלעך — בלומען איז מיין לוסט.

מיידלעך ? — בלימלעך און נישט מעהר,
גיט מיר אַנדערע אהער !
נעכטען זאַפטיג, פריש און צאַרט,
היינט פערוועלקט, שוין און פערדאַרט...

מיידלעך ? — בלימלעך און נישט מעהר,
גיט מיר פרישערע אהער !

## ווי איך האַס אייך

ווי איך האַס אייך, ווי איך ליעב אייך
הייסער אימער, שטאַרקער אימער,
פאַלש — געטרייע, גאַל — פערזיסטע,
גאָט פער... שטעלטע פרויענצימער!

מיט די זיסע ליעבע ווערטער,
מיט די קראָקאָדילען טרערען...
לאַנגע יאהרען זאָלט איהר האָבען —
אויסגעוואָרצעלט זאָלט איהר ווערען!

## אויף דער דאטשע

אַלטע בוימער, יונגע צווייגען —
יעדעם בלעטעלע איז גרין;
הויכע בערג און טיעפע טהאָלען,
און די לופט איז זאַנפט און דין.

אַלטע מאַמעס, יונגע טעכטער,
יעדעס מיידעלע — אַ בלום,
און קיין מאַנסביל אין דער געגענד
נישט אויף מיילען ווייט ארום.

און די שיינע זינגען, שפרינגען,
טאַנצען לוסטיג אָהן א שיעור.
פאָרוויז, פיערוויז, אַכטוויז, זעכצעהן —
אַלסדינג דרעהט זיך ארום מיר.

און איך דאַנק זיין ליעבען נאָמען,
און פאר שמחה גלאַנצט מיין בליק:
זעכצעהן מיידלעך און איך איינער,
אָהן א גרענעץ איז מיין גליק.

נור דער בורא איז א שטרענגער,
דען מיט איין האַנד שטראפט ער דאָך:
בלייב איך אויג אויף אויג מיט איינער
שפירען דרייסיג אויגלעך נאָך.

גאָט געטרייער, ווילסט מיך שטראָפען,
האָסט דאָך וועגען אָהן א צאָהל;
שטראף מיך איינצעלווייז מיט הונדערט,
'שטאט מיט זעכצעהן אויף אַמאָל!..

## חבל על דאבדין

ווי די יאָהרען שנעל פערשוועבען!
כ'האָב גאַנץ ווייניג נאָך צו לעבען,
כ'פיהל שוין אויף מיין האַלז דעם חלף,
און איך האַלט נאָך אַלץ ביים אלף
אין דעם אלף־בית פון ליעבע.

ס'ליעגט אַ טיעפער סוד בעהאַלטען
אין דעם אלף־בית דעם אַלטען:
וויפיעל אותיות זאָלסט נישט קלייבען,
וועסט דו אַלץ ביים אלף בלייבען.

אמת, כ׳האָב פאר מיינע יאָהרען
נישט אומזיסט די צייט פערלאָרען:
כ׳האָב געצערטעלט ליעבסטע פיעלע
אין די פריהלינג־נעכט די קיהלע,
און אין קאַלטע ווינטער־צייטען
פלעג איך אויך נישט שטעהן פון ווייטען;
דאָך די שיינע מיידלעך־בלומען
האָבען זיך נישט אויסגענומען,
וויפיעל כ׳האָב זיי נישט געקליבען,
זיינען מעהרער אַלץ פערבליעבען....

וויפיעל לוסטען ניי דערשפירטע,
וויפיעל ליפּלעך נישט בעריהרטע,
וויפיעל הערצער נישט דערקוויקטע,
ברוסט צו ברוסט נאָך נישט געדריקטע,
קרענץ פון ליליען, קרענץ פון ראָזען, —
און איך מוז די וועלט פערלאָזען!

ווי די יאָהרען שנעל פערשוועבען!
כ׳וויל אַ הונדערט יאָהר נאָך לעבען,
כאָטש נאָך טויזענד בלימלעך קלייבען,
כ׳וויל קיין הונגריגער נישט בלייבען!
און דאָ פיהל איך שוין דעם חלף,
און איך האַלט נאָך אַלץ ביים אלף
אין דעם אלף־בית פון ליעבע!

# דער טויט

איינמאָל, זיצענדיג פון אָוועגד
אין געדאנקען שטאַרק פערנומען,
איז דער טויט צו מיר אין צימער
שטילערהייט אריינגעקומען;

שטעלט זיך הינטער מיינע פּלייצעס
און איך הער זיין שטימע זאָגען:
„מאַך דיך שנעלער אויף דער רייזע,
וויל דיין שטונדע האָט געשלאָגען“.

וועגד איך מיך צום טויט דערשראָקען:
„כ'האָב אַ דאָבע, א געליעבטע,
קום איך זי ניט פאַר'ן שטאַרבען,
בלייבט זי אייביג א בעטריבטע“.

זאָגט ער: „געה און קום דיין דאָבען,
נור עס זאָל ניט לאַנג געווערען,
און ביים קוסען זאָג אָב וידוי,
דו זאָלסט שנעלער מיר געהערען“.

האָב איך מיך אין דאָבעס ליפּען,
אין די רויטע איינגעגעסען,
צוגעפּרעסט זי צו מיין בוזים
און אָן טויט זיך גאַנץ פערגעסען.

אין די אָרעמס איהרע ווייכע
פיהל איך מיך ווי ערסט געבאָרען, —

קומט ער ווידער מיט זיין קאָסע
צו פערקירצען מיר די יאהרען.

זאָג איך: „פריינד, איך האָב אַן אָלגאַ,
און זי וועט זיך אייביג קלעמען,
ווען איך זאָל פון איהרע ליפּען
פאר מיין טויט קיין אָבשיעד נעהמען“.

זאָגט ער שטרענג מיר: „קום דיין אָלגאַ'ן;
נור דו זאָלסט קיין שהיות מאַכען.
און זיי דאַנקבאַר, ווייל ניט שטענדיג
לאָז איך צו אזעלכע זאַכען“.

קוים האָב איך מיין שיינער אָלגאַ
אויפּען מויל אַ קוש געגעבען,
קומט ער ווידער מיט זיין קאָסע
צו פערקירצען מיר מיין לעבען.

זאָג איך: „ליעבער טויט, געטרייער,
זיי צו מיר דאָך ווייטער איידעל, —
שפרה וואַרט אויף מיינע קושען,
און אויך אסתר איז א מיידעל;

און דער שיינער ליעבער חנה'ן
האָב איך עפּעס אויך פערשפּראָכען,
און דו ווייסט, אז איך האָב קיינמאָל
נישט מיין עהרענוואָרט געבראָכען!“ —

זאָגט ער: „קום, דו ליפּען־פּרעסער,
כ'קען מיט דיר נישט ווערען איינִיג;

אויף צו קוסען דיינע ליעבסטע
וועט אַן אייביגקייט זיין ווייניג!"

און ער נעמט די שאַרפע קאָסע
אין די ביינער־הענד בעוועגען.
רוף איך שנעל צו הילף מיין ליעבע
און איך שטעל זיך איהם ענטגעגען.

און די ליעבע מיינע האָט מיר
אַזאַ מאָדנע קראַפט געגעבען,
אַז עס האָט דער טויט קיין כח
בייצוקומען מיר מיין לעבען.

ער האַלט פעסט מיך ביי מיין גאָרגעל,
איך — זיין טאַליע און איך ברעך איהם;
ריים זיין קאָסע מיט די ציינער
און איך שטיק איהם, און איך שטעך איהם,

מיט מיין ליעבע צו דער ערסטער,
מיט מיין ליעבע צו דער צווייטער, —
נאָך אַ ליעבע, נאָך אַ ליעבע,
און דער טויט איז א געטויטער!

ביז כ'האָב אַלע מיינע ליעבעס
מיר צו הילף צונויפגעקליבען,
איז דער טויט אין מיינע אָרעמס
געל און אָטעמלאָז געבליבען.

# מיר חלום'ט

מיר חלום'ט, אז איך בין געשטאָרבען און בין
געקומען צום בורא העולם
איהם אבגעבען דין וחשבון.
און ס'מסר'ט אויף מיר דער קטיגור:
„רבונו של עולם, ער האָט
געלעבט נאָך זיין אייגענעם ווילען
און דיך און דיין תורה פערשפּאָט;
פערשלים איהם די טיר פון גן עדן.“
און ס'קוקט מיך אָן שטרענגליך דער בורא
און פרעגט מיך: „מיין קינד,
צו האָסט דו וואָס רעכטעס געטאָן אויף דיין לעבען,
ד'זאָל קאָנען פערגעבען דיין זינד?“
„איך וויים עס נישט“, — האָב איך געענטפערט,
ווען ד'האָב מיינע מעשים בעטראכט,
„איך וויים נישט, איך האָב מיינע יאהרען
אין גאַנצען אין ליעבע פערבראַכט.“
עס יויכצט דער קטיגור, ס'איז גרוים זיין נצחון,
ער זעהט מיך שוין צאַפּלען אין פּיין;
עס שמייכעלט דער בורא און נעהמט מיך און פיהרט מיך
אליין אין גן עדן אריין.

## נעהמט גאָט פון מיר

נעהמט גאָט פון מיר די זון אַוועק —
ער וואַרפט אויף מיר נישט אָן קיין שרעק:
איך האַלט איהם אַלץ פאַר גוט אָהן שיעור,
ווען ער די ליעבע לאָזט אין מיר.
די ליעבע צאַרט, די ליעבע פיין,
איז מעהר פאַר אונז אַלם זונענשיין.

## ד'וועל נישט געהן מעהר

ד'וועל נישט געהן מעהר אין גיהינום,
ד'וועל נישט געהן מעהר אין גן־עדן,
ס'האָבען מעהר אויף מיר קיין שליטה
קיין מלאכים און קיין שדים.

ווייל איך האָב מיין עולם הבא
דאָ אין ליעבע אָבגענומען,
און אין זעלבער צייט פון ליעבען
מיין גיהינום אָבגעקומען.

# אל תשליכנו...

וועז מיין האַנד וועט שוואַך מיר ווערען,
בלייבט אָהן קראַפט, מיך צו ערנעהרען,
און רחמנות'דיגע בליקען
העבען־אָן מיין שטאָלץ צו דריקען —

דאַן

שיק דיין בליץ מיר, שיק דיין פייער,
נעם צו זיך מיך, גאָט געטרייער!

וועז מיין קום ביי מיין אומאַרמען
קאָן קיין יונגע ווייב מעהר וואַרמען,
ווען 'ך ווער שוואַך, מיין ליעד צו צווינגען
טיעף אין מענשענהאַרץ צו דרינגען —

דאַן

שיק דיין בליץ מיר, שיק דיין פייער,
נעם צו זיך מיך, גאָט געטרייער!

פונקט ווי אַ וואולקאַן איז דאָס האַרץ פון דעם דיכטער.
עס בלייבט אויף קיין רגע ניט רוהיג;
און שפּריצט נאָך קיין פייער, און הילכט נאָך קיין ליעד
דאָך אינגוועניג ברענט אַ גהינום.

דאָרט קאָכען און זיעדען און שמעלצען צוזאַמען
אין פערזען די זילבען און קלאַנגען;
און זיינען זיי פאַרטיג, דאַן רייסט זיך אַרויס
אין שירים די זודיגע לאַווע.

* *
*

און ווער איך בין, מעהר ווייס איך נישט.
איך ווייס נאָר, אז איך בין.
און בלאָנדזשע אום פון אָרט צו אָרט ;
איך ווייס נישט זעלבסט וואוהין.

און ווער זי איז, וואָס פיהרט מיך אלץ,
וואָס ציהט מיך אלץ, דאָס ווייס איך נישט ;
איך ווייס נאָר, וואו איהר אָטעם הויכט,
שוועבט מיין נשמה נאָך.

און ווי 'ך זי ליעב, צו זאָגען איהר,
דאָס קאָן איך נישט, דאָס פיהל איך נאָר,
און פיהלט זי אויך אזוי —
ווי וואויל איז מיר.

און פיהלט זי נישט אזוי —
ווי וועה איז מיר.

## כאָטש ווייט איז מיין ליעבסטע

כאָטש ווייט איז מיין ליעבסטע אויף יענער זייט ים,
דאָך פיהל איך איהר ליעבע ווי נאָהנט;
איך האָב אָן די כוואַליעס, וואָס שלאָגען צום ברעג,
צו מיר איהרע גרוסען דערקאָנט.

און ריעזיג און מעכטיג ברויזט אויף אין מיין ברוסט
מיין ליעבע פול פייער און פלאַם;
און שפרינג איך פאַר פרייד אין די כוואַליעס אַריין —
אַ ים וועט פערשלינגען אַ ים.

## פרומע ליעבסטע...

פרומע ליעבסטע, שטיל און הייליג,
ווי דיין גלויבען מאַכט מיך זעליג!
שנעל די ליפען מיר צום קום —
גאָס איז ליעבע און גענום.

לעג נישט אָפּ זיין שיין פערלאַנגען,
אונזער צוקונפט איז פערהאַנגען —
ווער קאָן דורכזעהן, ליעבסטע פיין,
וואָס מיט אונז וועט מאָרגען זיין?

שלינג די ליעבע, שלינג אָהן מורא,
הייליג האַלט דעם שעפער׳ס תורה.
טוסט דו פלייסיג זיין געבאָט,
גלויבען מיר אין זעלבען גאָט.

## אין מיין הארצען ציהט און בלאָנדזשעט

אין מיין האַרצען ציהט און בלאָנדזשעט
אום איין אונבעשטימטער טאָן.
ליעבסטע, קוק מיר אין די אויגען,
שטים מיין פּיעדעלע מיר אָן.

מילדע טענער שטיינען גוואַלטיג,
ווילען רייסען זיך ארויס;
ליעבסטע, קום אין מיינע אָרעמס,
שפּיעל אַ ליעדעלע מיר אויס!

זילבער־קלאַנגען, יובעל־קלאַנגען
הילכען לוסטיג פון מיין ברוסט:
היים און צערטליך האָט מיין ליעבסטע
אויף די ליפּען מיך געקוסט.

## מיר פעהלט א גראם צו „ליעבע"

„מיר פעהלט אַ גראַם צו „ליעבע".
געליעבטע, העלף מיר אויס!
געפין פון אלע גראַמען
דעם שענסטען מיר ארויס!"

מיין ליעבסטע קנויטשט איהר שטערן
און קוקט מיך ערנסט אָן:
„ס'איז שווער א וואָרט צו קריגען,
וואָס קלאַפּען זאָל אין טאָן."

נור פלוצלינג ווערט זי פרעהליך,<br>
און שרייט אוים הויך: „איך וויים!“<br>
און פאַלט מיר אין די אָרעמס<br>
און קוסט מיך אזוי היים.

מיין ליעבסטע האָט איין אויער<br>
אַ פיינעם פאַר מוזיק:<br>
אַ הייסער קוס מיט ליעבע —<br>
דאָס גראַמט זיך גאָר אַנטיק.

## ציגעלע, מיגעלע

ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע —<br>
בינעלעך און בלומען,<br>
נעהנטער, ליעבינקע, צו מיר —<br>
פריהלינג איז געקומען!

וויעדער אין דעם וועלדעלע<br>
יאָגען זיך און פלאַפּלען;<br>
ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע —<br>
ס׳וועלען די הערצלעך צאַפּלען!

ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע —<br>
ליפּלעך פּאמעראַנצען,<br>
פרעס זיי היים צו מיינע צו —<br>
זאָלען די הערצלעך טאַנצען!

## זי האָט א הערליך ליעד פערפאסט

זי האָט א הערליך ליעד פערפאסט
און הערליך עס געזונגען.
ווי זאַנפט עס האָט, ווי צאַרט עס האָט
די מעלאָדיע געקלונגען.

מיט פייער־ליפען האָט זי עס
אויף מיינע הייס פערשריעבען —
דאָס איז איהר ערשטער קוס געווען,
דער לעצטער אויך פערבליעבען.

## דער לימוד

די אַלטעטשקע בעט מיך און פּאָדערט דורכאוים,
איך זאָל מיט איהר טאָכטערעל לערנען פראנצויז.
איך לערען זי וואָכען — זי וויים ניט קיין וואָרט,
איך לערען חדשים — עס געהט ניט פון אָרט.
איך זעה, עס איז פשוט אונמעגליך די זאַך —
פּרוביר איך זי לערנען פון ליעבע די שפּראַך.
און גלויבט מיר אויף זיכער, די ערשטע לעקציאָן,
זי האָט שוין דער מיידעל א פּעולה געטהאָן:
איך קוק זי פערליעבט אָן, איך זעה — זי פערשטעהט;
איך רוק מיך גאַנץ נאָהנט צו, נישקשה, עס געהט.
איך גיעב איהר א קוסעל — זי ווערט גאַנץ פערשעמט,
עס מאַכט ניט, איך פיהל אָבער, אז זי בענעמט.
איך פרעג זי אויף מאָרגען: די לעקציעס געמאַכט?
זי שאָקעלט אויף יא מיט דעם קעפּעל און לאַכט.

איך נעהם מיט איהר לערנען. זי שטראַלט אַזש פאַר גליק,
זי ענטפערט אין זעלביגען לשון צוריק...
אַט דאָס איז א לימוד, וואָס ווערטה איז די צייט, —
און בלייבט זי נור פלייסיג, דאַן קומט זי שוין ווייט!

## די ליעבּע זאָל לעבּען

עס שלאָפט ליינגסט דער עולם, אין שטעדטעל איז שטיל,
און איך געה אום שטאָלץ ווי א מלך:
איך וואַרט אויף מיין ליעבסטע אין געסעל אליין,
מיר איז אַזוי לוסטיג און פרעהליך!

נו קום דאָך, מיין לעבען, פון שאַלקע אַראָפּ
און לאָמיר אונז לאָזען שפּאַצירען
צום וועלדעל ביים טייכעל, ביים ברעגעלע דאָרט,
און זינגען און שיין מוזיצירען!

מיין ליעבסטע, זי קומט ניט — — וואָס איז דאָס געשעהן?
האָט עפּעס איין אונגליק געטראָפען?
איהר טאַטע מסתמא קאָפּאַיעט זיך נאָך —
זי וואַרט, ער זאָל ווערען ענטשלאָפען.

הורראַ, אַך! אַט קומט זי, אַט איז זי שוין דאַ!
אָה נחת, מיר זעהען אונז ווידער!
מיר געהען צום וועלדעל, ביים טייכעלע דאָרט,
און זעצען אונזביידען אַנידער.

נו, העבען די הערליכע ליעדער זיך אָן, —
דאָך הערט אונז און זעהט אונז ניט קיינער:
מיר האָבען קיין צימבעל, מיר האָבען קיין פּלייט,
מיר שפּיעלען די ליעבע אליין נור.

דאָס זשורצען פון טייכעל, דאָס הילכען פון קוס,
זיי קלינגען ווי טענער פון פליימען;
דאָס מורמעל פון וועלדעל, דאָס קלאַפּען פון האַרץ,
דאָס טהוט אונז אַלס צימבעל בעגלייטען.

און שטיל איז אין דרויסען, עס הערט זיך קיין מוק...
ווער קען אונז דאָ שטערען און וועהרען!
עס קוקען פון אויבען נאָך אונטען אַראָפּ
און לאַכען לבנה און שטערען.

עך, זאָלען זיי לאַכען! וואָס האָט עס צו אונז!
צי טהוען מיר דען וואָס מען טאָר ניט?
זיי האָבען קיין הערצער, זיי האָבען קיין בלוט,
זיי ווייסען פון ליעבע אַ האָר ניט.

עס טוליעט זיך פעסטער מיין ליעבסטע צו מיר,
מיר שליעסען די אויגען און שוועבען.
עס וויעגען אונז וועלדעל און טייכעלע איין,
און זינגען: די ליעבע זאָל לעבען!

## אין דער פינסטער

חושך. פונקט ווי אין מצרים
איז די פינסטערנים צו טאַפּן;
ניט קיין שטערנדעל אין הימעל,
און קיין שטראהל ניט פון קיין פענסטער.

דרויסען בלאָזט א קיהלער ווינטעל;
עס איז קאַלטלעך, עס איז פייכטלעך,
אינ׳ם שטעדטעל הערשט א שטילקייט,
אלע שלאָפען ווי געשטאָרבען.

נור ביים פארקען, לעבען גראָבען,
דאָרט בעוועגען זיך צוויי שאָטענס,
און פיער ליפּען פייער־הייסע
שטאַמלען שטיל א שיר השירים.

# מיין מיטאג

זאָגט מיין ליעבסטע: „ס'איז מיר שטארק
טרויעריג צום מוט...
ד'וויים, עס וועט דער מיטאג דיר
היינט נישט שמעקען גוט.

ס'איז נישטא קיין קעז אין שטוב,
ס'איז נישטא קיין איי, —
נור א שטיקעל שווארצער ברויט,
ס'טוט דאָס האַרץ מיר וועה!"

נעהם איך צערטליך זי ביים האַנד,
קוק זי אַן און לאַך:
„דאָס נור מאַכט דיך טרויעריג?
אויך מיר, אויך א זאַך!

נעהם צוויי שטיקלעך שווארצען ברויט,
לעג זיי שיין צונויף,
מיט א פרעהליך פנים'על
גיב א קוק דערויף;

און פון האַרצען לאַכענדיג
וויקעל מיר עס איין,
קריגט עס א גן־עדן־טעם,
וואונדערבאַר ווי פיין".

ווערט מיין ליעבסטע פרעהליכער,
ס'שטראהלט אויף איהר געזיכט;
גיט זי מיר דאָס פּעקעלע —
„נעהם דיר דאָס געריכט!“

נעהם איך צו דאָס פּעקעלע
און איך טאַנץ פאַר גליק —
מיט א האַרץ א פרעהליכען
געה איך אין פאַבריק.

ווי די רעדער בלייבען שטום
צוועלף אוהר מיטאג־צייט,
געה איך מיט מיין פּעקעלע
אין א ווינקעל ווייט;

מאַך איך עס פאַמעלעך אויף
צערטליך און פערטראַכט —
ס'זאָל מיין גליק געדויערען,
עס איך עס בעזאַכט.

אַי, דאָס שמעקט א מאכל'ע,
אַי, דאָס שמעקט אַ פּראַכט! —
ליעבסטע האָט דאָס צוגעגרייט
און דערביי געלאַכט!

# דאָבּע

## 1

## דער פעטער

וועו איך בין נאָך יונג געוועןֿ,
אונגעפעהר פאר צוואַנציג יאָהרען,
בין איך יענמאָלט אין סאלאנט
צו מיין פעטער אָנגעפאָהרען.

און מיין פעטער האָט געהאַט
דאַן אַ מיידעל, שוין קיין קליינע,
אונגעפעהר פון זעכצעהן יאָהר,
און א ליעבע און א שיינע.

ברוינע לאָקען ביז דער טאַליע,
שוואַרצע ברענענדיגע אויגען —
נישט קיין וואונדער, וואָס מיך האָט
יאָהרען־לאַנג צו איהר געצויגען.

און אויך ליעדער האָב איך דאַן
מיטגעבראַכט אַ גאַנצען פעקעל
און — דער פעטער זאָל נישט זעהן —
איינגעפאַקט אין תפלין־זעקעל.

דען ער איז אַ פרומער איד,
פול מיט הייליגע געפיהלען,
און ער האָט נישט זעהר האָלט
נישט מיין זינגען, נישט מיין שפּיעלען.

„ליעדער“, זאָגט ער, „מוזען זיין<br>הייסע, אידישע און רעכטע;<br>דיינע ליעדער האָבען גיפּט,<br>דיינע ליעדער זיינען שלעכטע.“

נאָר איך קימער מיך נישט שטאַרק,<br>זאָל דער פּעטער ווערען קעלטער,<br>דאָבע, דאָבע קריגט מיך האָלט,<br>דאָבע, דאָבע קריגט מיך העלטער!

און איהר מיינונג איז מיר גוט,<br>אך, איהר מיינונג איז מיר טייער,<br>דען איך האָב די דאָבען האָלט<br>און מיין ליעבע ברענט ווי פייער.

איהר אַליין, נור איהר אַליין<br>האָב איך דאָן מיין ליעד געזונגען,<br>און פון שמחה איז זי אַזש<br>אין דער לופטען גאָר געשפּרונגען.

„יא“, זאָגט זי, „דיין ליעד איז גוט.<br>ווייסט, דיין נאָמען וועט זיך הערען,<br>דען דו וועסט נאָך מיט דער צייט,<br>ווי אליקום בדחן ווערען!“

## 2

## די מומע

מיין מומע איז גאָר אַ צדקנית אַ פרוי
און איז פון דעם פעטער פיעל קליגער;
און כאָטשע זי ווייס, אַז איך בין נישט שטאַרק פרום,
דאָך ווילט זיך איהר ווערען מיין שוויגער.

זי זאָגט מיר: „איך ווייס, אַז פאַר דאָבען וואָלסט דו
געוועזען דער חתן דער בעסטער:
אין יחוס, פערשטעהסטו מיך, שטעהט איהר אייך גלייך,
דיין מאַמע איז מיינע אַ שוועסטער!

דאָך זאָג איך דיר איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָן:
דו זאָלסט דיך נישט ריכטען אויף דאָבען,
ביז וואַנען דו וועסט נישט זיין קלאָר אין גאַנץ ש"ס
און סמיכת רבנות נישט האָבען!

וואָס ווילט זיך דיר לערנען אַ מלאכה? פאַר וואָס?
צי האָסט דו מעהר גאָט נישט אין האַרצען?
דער טאַטע, דער זיידע, דער פעטער אַ רב —
דו וועסט זיי די אויגען פערשוואַרצען.

דו נעהם זיך צו תורה; פערשווענד נישט אומזיסט
אין אַרבייט דיין צייט און דיין כח.
דו קענסט קריגען סמיכה אין פיער צו פינף יאָהר,
דו האָסט דאָך אַ גאונ'ישען מח!

פינף טעג וועסט קריגען די בעסטע אין שטאָדט
ביי אונזערע רייכערע קרובים:
און מיר וועלען געבען דיר פרייטאג א טאָג,
שבתים און אַלע יום־טובים.

דערנאָך וועט איהר בלייבען ביי אונז דאָ אויף קעסט,
דו קריגסט אויך אַביסעל מזומן.
מיר וועלען אייך האַלטען, ביז וואַנען דו וועסט
אַ שטעדטעל אַ גוטע בעקומען.

און איהר וועט אייך לעבען אי גליקליך, אי פיין,
ווען גאָט וועט אייך שיקען הצלחה;
צי איז פאַר רב בעריל'ס אַן איינִיקעל, זאָג,
אַ תכלית צו לערנען א מלאכה?"

אזוי רעדט די מומע, און ס'ווערט איהר דערביי
דער שטערען מיט קנויטשען בעצויגען;
זי וואַרט, וואָס איך וועל איהר איצט זאָגען דערויף,
און קוקט מיר אַריין אין די אויגען.

איך וויים, איהר געשפרעך איז נאָך לאַנג נישט ביי'ן סוף,
זי וועט באַלד פון נייעם פּרובירען;
און דאָרטען פון ווינקעל ווינקט דאָבע צו מיר,
דאָס רופט זי אין וואַלד מיך שפּאַצירען —

איך קען איהרע בליקען, איך קען גוט איהר שפּראַך,
וואָס איז אַזוי פרעמד פאַר איהר מאַמען.

מיר גנב'ענען שטיל זיך פון צימער אַרוים,
און לאָזען זיך לויפען צוזאַמען.

מיר געהען דאָס פעלד און דעם גאָרטען אַרום;
מיר קריכען אויף בערג און אויף שטיינער.
מיר קוקען אויף הינטען, אויף רעכטס און אויף לינקס,
צי זעהט אונז חלילה נישט קיינער.

און אָט איז דאָס וועלדעל — פערשוואונדען דער שרעק:
מיר לאַכען, מיר טאַנצען, מיר שפּרינגען.
דאָס טייכעלע מורמעלט אַ ליעבליכעס ליעד, —
די פייגעלעך צוויטשערען, זינגען.

זיי צוויטשערען מונטער, זיי זינגען אַ פּראַכט,
זיי ווייסען קיין כבוד, קיין יחוס.
אין וועלדעל איז לוסטיג, אין וועלדעל איז פריי,
דאָרט דאַרף מען צום ליעבען קיין סמיכות.

3

## אַ יום־טוב

יאָ, היינט איז אַ יום טוב אַ גרויסער,
איך פיהל אזוי לוסטיג און גוט;
מיין האַרץ אַזש צוגעהט מיר פאַר תענוג,
מיר איז אזוי פרעהליך צום מוט.

עס קלינגען קיין גלאָקען אין תיפלה,
עס זינגט נישט קיין חזן אין שול;

דאָך יום טוב'דיג אָטעמט דאָס שטעדטעל,
זי איז מיט א הייליגקייט פול.

די פנים'ער שטענדיג פערזאָרגטע,
זיי קוקען צופריעדען און פריי;
די שטיבלעך די קרומע, די אַלטע —
זיי זעהען היינט גראָם אוים און ניי.

אפילו דאָס ברודיגע פּרודעל
אין גאָרטען, ניט ווייט פון מיין הויז,
מיר דוכט, אז עס שפּיגעלט און פליעסקעט.
און מורמעלט „גוט יום טוב!“ ארוים!

אָ, היינט איז א יום טוב א גרויסער:
אָט זעה איך מיין דאָבעלעם בליק!
זי שטעהט געגענאיבער אין פענסטער,
בעהאַלט זיך און צייגט זיך צוריק.

אָט ווינקען צו מיר איהרע אויגען,
פול פייער, פול ליעבע אָהן שיער!
יא, היינט איז א יום טוב א גרויסער,
היינט קומט זי אין וועלדעל צו מיר! —

4

## אין אווענד

זיצען מיר ביידעביים פענסטער פאַרנאַכט,
זיצען אין זיסע געדאַנקען פערטראַכט:
באַלד ווערט עס דונקעל, יא, באַלד ווערט עס פיין —
ווילען מיר באַלד דאָך פיעל נעהנטער נאָך זיין!

ס'דונקעלט. און ס'ציטערט־אויף דאָבעלע מיין,
קוקט האַלב פערשעמט מיר אין פּנים אַריין.
ך'נעהם ביי דער האַנד זי — און שטאַרק איז דער דריק,
באַלזאַם איהר אָטעם און פייער איהר בליק!

נאַכט. און מיר זיינען בעטרונקען פאר לוסט;
נאַכט — און איך דריק זי שוין פעסט צו מיין ברוסט.
ליפּען צו ליפּען, געזיכט ביי געזיכט,
בלינד איז די ליעבע— מיר דארפען קיין ליכט!

5

## אַ מאַרש

און איך געה דאָס פון מיין ליעבער
דאָבעלען אצינד —
ניין, איהר האָט נאָך נישט געטראָפען
אַזאַ שיינעם קינד!

איהרע שוואַרצע פייער־אויגען —
מיינט איהר, סתם אַ פראַכט?

זיי פערדונקלען אלע קלאָרע
שטערענדלעך ביי נאַכט.

און די ליפּלעך, מיינט איהר אפשר
פּורפּור־ליפּלעך סתם?
אָי, איהר האָט א גרויסען טעות —
סאַמע פייער־פלאַם!

האָט איהר דען אויף מיר פון ווייטען
נישט איהר קוס דערקענט?
קוקט אייך איין אויף מיינע ליפּען...
זעהט איהר, ווי פערברענט!!

יא, איך געה דאָס פון מיין ליעבער
דאבעלען אצינד!..
אָה, איהר האָט נאָך נישט געטראָפען
אזאַ שיינעם קינד!..

## צוויי שוועסטער

מיין ליעבסטע האָט א שוועסטערעל,
א מיידעל ליעב און פיין;
מיין ליעבסטע ליעבט איהר שוועסטערעל
און קאָן אָהן איהר ניט זיין.

און געהען מיר אין וועלדעלע,
וואו אלסדינג גרינט און בליהט,
פערשטעהט זיך, אז מיר נעהמען דאָרט
דאָס שוועסטערעל אויך מיט.

איך זאָג אַמאָל מיין ליעבינקער,
איהר דריקענדיג די האַנד:
רק שוועסטערעל און שוועסטערעל!
פאר וואָס ניט זאַלבענאַנד

אַמאָל אויך געהן אין וועלדעלע,
נישט מיט דער קליינער נאָר?
ווען ס'קוקט קיין פרעמדע אויג זיך צו,
דאַן ליעבט זיך אַנדערש גאָר.

מיין ליעבסטע קוקט מיך בייזלעך אָן
און זאָגט: „אך, דו ביזט שלעכט!
נישט נעהמען מיט נחמה'לען,
דאָס איז פון דיר ניט רעכט.

„זי איז דאָך אַזאַ גוטינקע,
זי האָט אונז אזוי האָלט,

און בלייבט זי אין דער היים אַליין,
זי וויינט זיך בלינד, מיין גאָלד.“

נו, גילטען מעהר קיין טענות נישט,
קיין בעטען און קיין קונץ.
אין וועלדעל, צי ביים גאַניקעל,
דאָס שוועסטערעל מיט אונז.

און איינמאָל זאָגט מיין ליעבסטע מיר:
„איך האָב פון דיר פערדרוס!
פאר וואָס גיסטו נחמה׳לען
קיין איין מאָל נישט קיין קוס?

„זי איז מיין איינציג שוועסטערעל,
וואָס איז פאר א געוואַלט,
דו זאָלסט אַמאָל זי לאַסצענען? —
דו ביזט צו איהר צו קאַלט.“

איך קוק מיין ליעבסטע אין געזיכט
אָן גאַנץ פערוואונדערט. גאָר
אין גאנצען איז דאָס שוועסטערעל
נור אינגער מיט צוויי יאָהר.

דאָך פאָלג איך וואָס מיין ליעבסטע זאָגט,
דען ד׳ליעב זי אָהן א שיעור,
איך נעהם ארום דאָס שוועסטערעל
און קוס זי צוליעב איהר.

און קוים האָב איך זי איינמאָל נור
צו קוסען שוין פּרובירט,

פערשטעהט זיך, אז די זעלבע זאַך
האָט עפּטער זיך פּאַסירט.

אַ מאָל אַזוי זי קוסענדיג,
דערשפּיר איך אין דער שטיל
אנשטאט געפיהלען פריינדליכע
אַ הייסערעס געפיהל.

און אויך מיין ליעבסטעס שוועסטערעל,
זי קריגט מיך האָלט, איך ווייס;
און קוסט זי מיך — די ליפּעלעך,
זיי ברענען איהר צו הייס.

איצט זיצען מיר אין וועלדעלע
אין גרינעם זאַלבעדריט;
די איינע רעכטס, די צווייטע לינקס,
און איך זיץ אין דער מיט.

און ביידע שיינע קעפּעלעך
זיך דריקען צו מיין ברוסט,
און איינע אָהן דער אנדערער
ווערט מעהרער ניט געקוסט.

און ווענען איך איצט העלטער האָב,
צו זאָגען איז מיר שווער.
נישט פרעגט מיך, ווער מיין ליעבסטע איז,
איך ווייס אליין נישט מעהר.

## זיינען מיר צוויי בחורים

זיינען מיר צוויי בחורים.
זיינען מיר צוויי שיינע,
ליעבען מיר אַ מיידעלע,
ליעבען ביידע איינע.

קומען מיר — דערפרעהט זי זיך,
געהען מיר — דאַן וויינט זי...
טראַכט פון אונז א יעדערער:
וועמען פון אונז מיינט זי?

טראכטען מיר און קלערען מיר.
קאָנען נישט דערקלערען.
'ס צאַפּלען זיך די הערצער אונז,
'ס פרעסט אונז ביז צו טרערען.

„שיינינקע, צו פיהלסטו נישט,
ווי מיין האַרץ בעטריבט איז?"
טראַכט פון אונז א יעדערער.
„זאָג, ווער דיר בעליעבט איז".

פרעגען מיר אָהן ווערטער זי,
און די טרערען שטיקען;
ענטפערט זי אָהן ווערטער אונז,
נור מיט פייכטע בליקען:

„ביידע זייט איהר גלייך מיר ליעב,
אויסער אייך נישט קיינער! — —
אַך, ווען עס וואָלט קאָנען ווער'ן
פון אייך ביידען איינער!"

# דער מזבח

האָסט דו, זאָג, געזינדיגט, ליעבסטע,
וואָס דו געהסט ארום בעטריעבט?
„יא, איך האָב געזינדיגט, ליעבסטער:
ך׳ האָב גאנץ ווייניג נאָך געליעבט.“

אויף דערויף איז דאָ א תשובה,
זינדיגעס, געליעבטעם קינד:
זיי מיר מקריב דיינע ליפּלעך,
און פערגעבען ווערט דיין זינד. —

דורך דעם פענסטער די לבנה
קוקט פון הימעל, זעהט און הערט,
ווי דער קרבן חטאת צאַפּעלט,
ווערט אזש פון מיין פלאַם פערצערט. —

האָסט דו שטארק געזינדיגט, ליעבסטע,
וואָס דו ביזט נאָך אלץ בעטריעבט?
„יא, ך׳ האָב שטאַרק געזינדיגט, ליעבסטער,
ך׳האָב כמעט נאָך נישט געליעבט!“

נישט געזאָרגט און נישט געטרויערט,
זינדיגע געליעבטע מיין:
האָסט דו נור פאר מיר קרבנות,
וועל איך דיין מזבח זיין!

## מיין וידוי

חטאתי, געזינדיגט האָב איך אזוי שווער,
און ווען איך דערמאָן מיך, פערליער איך אַ טרער, —

דען זי איז געוועזען אַן אונשולדיג קינד,
פערגיב מיר, אָ, בורא, פערגיב מיר מיין זינד!

און דאָס האָט געטראפפען א פרייטאג ביינאַכט:
דאָס צימער איז טונקעל, די לאָדענס פערמאַכט —

איך ליעג אויף דער סאפע און זי ליעגט אין בעט,
מיר האָבען אונז ביידע פאַנאַדערגערעדט

פון מאָדנע חלומות; און דאָ אויפ'ן וואָהר
זיצט זי לעבען מיר שוין און גלעט מיינע האָר,

און טוליעט זיך פייעריג, טוליעט זיך שטום
און בעט מיך אָהן ווערטער: „נעם פעסט מיך ארום".

דאָ האָט אין מיר פלוצלונג דער טייפעל ערוואַכט —
אָ, וועה צו דער שאַנדע, אָ, וועה צו דער נאַכט!

איך רוק מיך אָפּ לאַנגזאַם און מורמעל מיט שרעק:
„אַוועק פון מיר, לילית, מען טאָר נישט, אַוועק!.."

און דאָ האָט די גרויסע עבירה פאַסירט:
חטאתי, איך האָב זי — צומאָל נישט בעריהרט!

אַוועק אונבעריהרט איז דאָס שייניגקע קינד,
פערגיב מיר, אָ, בורא, פערגיב מיר מיין זינד!

ווי אַ שלעפעריגער ים,
רוהט מיין האַרץ איצט טיעף אין בוזים:
קוים וואָס ס'פלעסקענען די וועלען,
קוים דאָס הילכען פון אַ ליעדעל.

דאָך די לאַנגע רוהיגקייט
ברייננגט מיט זיך אָפט מיט אַ שטורעם;
און איך שרעק מיך מעהר שוין ניִשט,
פאַר דער שטאַרקער שטילער שטילקייט.

דען איך פיהל, דער ים ערוואַכט,
כ'קען פון לאַנג שוין זיינע מידות:
אין מיין האַרצען הויבען אָן
פערזען־כוואַליעס זיך צו וויעגען.

## אייפערזוכט

עס איז געווען אַ העלע נאַכט
אין הייסען חודש יול;
די גאַנצע שטאָדט איז וואַך געווען,
דער פּאַרק מיט מענשען פול.

מיר האָבען זאַלבאַדריט שפּאַציערט.
אי איך, אי זי, אי ער —
זיי האָבעןביידע לייכט געפיהלט,
נור איך געפיהלט האָב שווער:

זיי זיינען פיעל צו נאָהנט געווען,
פיעלייכט קיין בייז געמיינט,
געלאַכט האָט זי, געלאַכט האָט ער,
דאָך איך האָב שטיל געוויינט.

* *
*

איך הער איהר קול און ציטער אויף,
זי רופט נישט מיך, און דאָך איך לויף
און קוק און הער געשפּאַנט מיך צו —
אוועק מיין רוה.

אָט קומט זי נאָהנט, איך שטראַהל פאַר גליק,
דאָך וועה, זי שיינקט מיר נישט קיין בליק.
איך קוק איהר נאָך מיט שטאָלצען שמאַרץ —
עס ברעכט מיין האַרץ.

* *
*

נישט קוק מיט נצחון,
נאָך האָסט נישט געזיגט ;
איין ריהר מיט א פינגער,
און דו ביזט צודריקט.

דו עגבערסט דאָס הארץ מיר,
דו רויבסט מיר מיין רוה —
איין צוק מיט מיין ווילען,
און מאַכטלאָז ביזט דו.

דאָס דענק איך... דאָך קומט זי
אין צימער צו מיר,
ווער איך אזוי בטל
און מאַכטלאָז פאַר איהר.

איך קוק איהר אין פנים,
איך קוק און איך טראַכט :
אָ, טייוועלשער מלאך,
ווי ענדלאָז דיין מאַכט !

* *
*

וועו איך האָב איהר האַרץ געוואונען,
האָב איך גאָט אין זיך געפונען;
ד'האָב נישט אויף דער ערד געלעבט,
נור אין הימעל דאַן געשוועבט.

קוים האָב איך איהר לייב ערוואָרבען,
איז מיין גאָט האַלב אָבגעשטאָרבען:
פייער איז די לילית־וועלט,
נור די הייליגקייט, זי פעהלט.

## די קייט

מיר זאָלען זיין גליקליך צוזאַמען,
האָב איך זי געקייט מיט א רינג:
איך האָב זי מקדש געוועזען,
געמיינט ס'וועט אונז ביידען זיין גרינג.

איצט זיינען מיר ביידע געשמידטע;
דאָס לעבען איז ביטער א שרעק —
מיר קענען צוזאמען נישט ציהען
און אויך נישט בעזונדער אַוועק;

# פריי זיין

ניין, איך וויל נישט, דו זאָלסט שטאַרבען
און בעפרייען מיך פון דיר,
דער געדאַנק דערפון שוין, ליעבסטע,
מאַכט מיר שמערצען אָהן א שיעור.

אויך איך וויל דיך נישט פערלאָזען,
דען מיין ליעבע צאַפּעלט נאָך,
נור מיר ווילט זיך אזוי פריי זיין
אָהן א צוים און אָהן א יאָך.

און עס קומט מיר אָפט אין זינען:
אך, ווי שיין עס וואָלט געוועזן,
אַז אַלץ, וואָס אונז האָט געטראָפען,
וואלט אין חלום נור געשעהן!

* *
*

האָסט דו קאַלטע הענד, געליעבטע,
לעג זיי אויף מיין האַרץ:
וועלען זיי דיר וואַרעם ווערען,
ברענען אַזש פאַר היטץ.

האָסט אליין דאָרט אָנגעצונדען
א מזבח, קינד;
און מיך זעלבסט אַלס קרבן חטאת
בראָטסט דו אויף זיין פלאַם.

# קהלת

דו — ביזט מיר די גאנצע וועלט,
א י ך  ביי זיך — קהלת,
און דעריבער זאָג איך אַלץ,
און דעריבער זיפץ איך אַלץ,
ליעבסטע:  הכל הבל!

* *
*

נישט וואַהר איז דיין ליעבע,
נישט טריי איז דיין פריינדשאַפט,
נישט אמת אפילו
דיין בלוטיגסטע פיינדשאַפט.
און פאַלש איז דיין לאַכען,
און פאַלש איז דיין טרער —
אָך, הבל הבלים
און ווייטער נישט מעהר!

## פיהלעו די בלימעלעך דען

פיהלען די בלימעלעך דען, אז זיי לעבען?
שפירען זיי ליעבע? האָבען זיי שטרעבען?
גיבט דען א צייט, ווען זיי זיינען פערביטערט?
ווערען זיי אָפטמאָל ערשטוינט צי פערציטערט?
האָבען זיי צערטליכקייט, זעהנזוכט און שמאַרצען,
קאָכט עס ביי זיי ווי ביי מיר טיעף אין האַרצען?

אָדער זיי טרינקען און אָטעמען לופטען,
שפראַצען און וואַקסען און בליהען און דופטען,
האָבען קיין זעהנזוכט, קיין ליעבע, קיין שטרעבען,
שפירען צו מאָל ניט אליין, אז זיי לעבען —
קיין מאָל קיין פרעהליכע, קיין מאָל בעטריבטע,
פונקט גאר ווי דו, מיין שיינע געליעבטע?

## ווי א בליץ

ווי א בליץ פון דיינע אויגען
איז דיין וואונדערבאַרער בליק:
ר׳גיט א בליאַסק און ווערט פערשוואונדען,
מאַכט א האַרץ־געביידע חרוב
אין איין איינציג אויגענבליק.

## געוואָלט האָב איך

געוואָלט האָב איך דורך דיינע אויגען
דורכדרינגען דיין אינערע וועלט.
די בליקען די פלאַמענדע דיינע —
זיי האָבען גענארט מיך, פערבלענדט.

געמיינט האָב איך, ס'ווייזען מיר שטראַהלען
פון לייכטענדען עמוד האש
דעם וועג דורך די דונקעלע ווייטקייט
צום עדן פון האַרצען ביי דיר.

דאָך זיינען זיי אירליכטער, ליידער,
די פלאַמענדע בליקען געוועזן,
און מיד בין איך שוין פון דיין מדבר...
אָ, ליעבסטע, דיין עדן וואו איז?

## מעוקצך ומדובשך

קום מיך פול פייער, קום מיך פול ליעבע,
קום מיר קלאָר וויעדער די אויגען די טריבע!
ליעבסטע, מאַך העל מיר מיין דונקעלע וועלט,
האָסט מיך גענוג שוין אָהן רחמים געקוועלט!

אָט אזוי, נחת מיין, אָט אזוי פיינע...
אָה, ווי עס ברענען די ליפּעלעך דיינע!
קוועל מיך, נור קום מיך, אַלץ, אַלץ איז מיר זיס —
גיבסט מיר דיין האָניג, איז ליעב מיר דיין ביס!..

# וואָלט איך וויסען

וואָלט איך וויסן, אז אוים ליעבע
זיצסט דו ביי מיין קראַנקען־בעט,
ניט רחמנות איז די סיבה,
וועלכע האָט דיך צוגערעדט — —
אָלגאַ ליעבע, אָלגאַ מיין,
מונטער וואָלט איך יעמאָלט זיין!

וואָלט איך וויסן, אז מיט ליעבע,
ניט נור גלאַט אוים מענשענפפליכט,
קוקסט מיר אין די אויגען טריבע,
גלעטסט מיין טויט־בלייכעס געזיכט — —
אָלגאַ ליעבע, אָלגאַ מיין,
גליקליך וואָלט איך יעמאָלט זיין!

דאָך דו ביזט ביי מיר דערוויילע,
זאָל דאָס זיין פון וואָס עס וויל,
בלייב דאָך לייגגער, נאָך א ווײלע,
ביז איך בלייב אויף אייביג שטיל — —
אָלגאַ ליעבע, אָלגאַ מיין,
רוהיג וועל איך דאַן נור זיין.

## צאַפּ דאָס בלוט מיר

צאַפּ דאָס בלוט מיר, ליעבסטע מיינע!
מיט די פיעל קאַפּריזען דיינע
גים אין האַרץ מיר ביטערקייט:
ס'איז געזונד פון צייט צו צייט.
מעהר די ליעבע צו פערזיסען
מוז מען האָבען ביטערניסען —
פיטער מיך מיט ביטער־פּרוכט,
שטרוי אין האַרץ מיר אייפערזוכט;
אָבער טרייב עס נישט צו ווייט:
נור א קאַפּ פון צייט צו צייט!

* * *

צי מיין האַרץ, צי דיין האַרץ, דאָך איינעמס וועט ברעכען.
אָ, גיפטיגע בליקען, וואָס ברענען און שטעכען!
אָ, גרויזאַמע ווערטער, וואָס שניידען ווי מעסער!
צי וואָלט נישט געוועזען פיעל גלייכער, פיעל בעסער
דעם אייביג גערעכטיגען „איך" צו בעצווינגען
און איינער אין צווייטענ'ס נשמה זאָל דרינגען,
פערטרייבען די בייזע מחשבות פון זינען,
און זוכען אין צווייטען נור גוטס צו געפינען,
אנשטאט וואָס צו שטעלען א האַרץ אין סכנות
צוליעב אַ נישט־ווירדיגען שטיקעל נצחנות,
און איינער דעם צווייטען ביז טרערען בעטריבען
און דאָך אַזוי אמת און האַרצליך זיך ליעבען? — —
אָ, גיפטיגע בליקען, אָ, אייביגעס שטעכען!..
צי מיין האַרץ, צי דיין האַרץ, דאָך איינעמס וועט ברעכען.

## שטאַרבסטו, ליעבסטע

שטאַרבסטו, ליעבסטע, הייסע טרערען
וועלען קיינמאָל נישט אויפהערען
פון די אויגען מיר צו פליסען.
ס'ווערט מיין האַרץ מיר דאַן צוריסען;
כ'וועל נישט שלאָפען, כ'וועל נישט עסען,
כ'וועל דיך קיינמאָל נישט פערגעסען.
ביז מיין לעצטען הויך פון לעבען
וועט דיין בילד אלץ פאר מיר שוועבען.
נור פערבייטסט דו מיך, חלילה,
נישט קיין איינציג זיפץ אפילו,
נישט קיין וואָרט און נישט קיין טרערען —
אויסגעמעקט וועסט דו מיר ווערען!

## ס'איז גענוג!

ס'איז גענוג! איך האָב ערפאַהרען!
ליעבסטע, דאַרפסט מיך מעהר ניט נאַרען

און דיין שמערץ אין זיך דערשטיקען:
ך'זעה דיין וועה אין דיינע בליקען.

ווייז, און זאָל דיך גאָט דערהערען,
וויין, און דיר זאָל לייכטער ווערען;

פלאַצט אין מיר מיין האַרץ אויף שטיקלעך —
איך בין אין מיין אונגליק גליקלעך:

איך האָב דיך דאָך נישט פערביטען,
איך האָב שטיל און טיעף געליטען.

דו האָסט מיין געמיט פערביטערט,
דו האָסט מיר מיין האַרץ צושפּליטערט —

דאָך, דו ליידסט פון מיר פיעל מעהרער:
ווער עס זינדיגט, דער ליידט שווערער.

וויין, און זאָל דיך גאָט דערהערען,
וויין, און דיר זאָל לייכטער ווערען!

## פערגיס ניט קיין טרערען

פערגיס נישט קיין טרערען, מיין ליעבינקעס קינד,
נישט זיי זיך מתודה פאר מיר דיינע זינד;
מיך אַרט נישט, ווער ס'האָט דיך אַפריער געקוסט,
און וויפיעל עס האָבען געדריקט דיך צום ברוסט.
איך וויל זאָלסט פערגעסען אַלץ, וואס ס'איז געשעהן,
ווייל איך בין אליין אויך קיין צדיק געווען; —
און וויפיעל דו טראגסט נישט אין האַרצען קיין זינד,
זיי ווערען אלץ בטול אין מיינע, מיין קינד.

## נאָד'ן קריעג

אזא שיינער טאָג צום ליעבען!
ליעבסטע, וואו האָסט זיך פערקליבען?
האַלסט דיין פּנים'ל פערשטעלט,
איז מיר חושך'דיג די וועלט.

הערסט ביים פענסטער זיסע קלאנגען
פון די פויגעלשע געזאנגען?
זעה, די זון האַלט אין פערגעהן
און מיר זיינען גאַנץ אליין!

עך, פערגעס, וואָס ס'איז געוועזען,
קום צו מיר און 'ך ווער גענעזען —
אָהן א פולען ליעבעס־כוס
וואָס איז אונזער לעבען, וואָס?

# בין איך מיר אַ פערדעלע

בין איך מיר אַ פערדעלע,
און מיין ווייב אַ קלאַטשקעלע,
ציהען מיר דאָס וועגעלע
באַרג אַראָב און באַרג אַרויף.
איין נשמה און איין גוף —
צי אין שטעל׳כעל, צי אין גאַס,
ביידע טרוקען, ביידע נאַס —
ציהען מיר דאָס וועגעלע —
איין נשמה און אַכט פיס....
און דאָס לעבען, אַך ווי זיס, ווי זיס, ווי זיס!

דאָך איך בין אַ מענשעלע,
און מיין ווייב אַ אידענע,
ציהען מיר דאָס וועגעלע
איך אַרויף און זי אַראָב —
ברעכט אַ יעדערער זיין קאָפּ!
זאָג איך טאָג איהר, זאָגט זי נאַכט,
ציה איך האַסטיג, זי באַזאַכט —
ציהען מיר דאָס וועגעלע,
איך אַהין און זי אַהער....
און דאָס לעבען, אַך, ווי שווער, ווי שווער, ווי שווער!

איך ווייס ניט, ווי זאָל איך דאָס רופען,
דאָך קען איך דאָס שיינע געפיהל:
איך ווער מיט אַמאָל ווי אומרינגעלט
פון שטראַהלען — עס ווערט אַזוי שטיל —
און פלוצלונג דערפיהל איך אין האַרצען
אַ זעלטזאַמען מילדען געדראַנג,
און הויב אָן צו שוועבען אין וועלטען
פון לויטער מוזיק און געזאַנג.
עס טראָגען זיך גוואַלטיגע טענער
און פלעכטען אַ הימעלשען שיר;
זיי זינגען און קלינגען און שאַלען
און קומען אַלץ נעהנטער צו מיר.
זיי דרינגען מיר טיעף אין נשמה,
זיי דרינגען אין מאַרך מיר אַריין;
זיי הויבען אונענדליכע ליעבע
זיי גיסען אונענדליכען פיין.
איך פיהל אַזוי וואויל און דאָך פיינליך;
עס טהוט אזוי גוט מיר און וועה;
מיר דוכט, אַז איך געה אויסאיינאַנדער,
איך גיס מיך צוזאַמען מיט זיי,
און הילך אין די פרעכטיגע שירים
פון הערליכען הימעלשען רוים ——
נור פלוצלונג ווערט אַלעס פערשוואונדען ,
און איך בין ערוואַכט פון מיין טרוים!
דאָך בלייבען פיעל טיעפע סמנים
פון הימעל אין האַרצען ביי מיר:
דאָס זיינען די טענער, די ליעדער,
און זיי גיס איך אויס אויף פאַפיער.

## דער אוצר

אונ דאָס איז געווען<br>
אין א זומער־נאַכט.<br>
שטערען אונ לבנה<br>
פונקלען פולער פּראַכט;

דונקעל־בלוי דער הימעל,<br>
וואַרעמלעך די לופט,<br>
אונ די שטילע ווייטקייט<br>
ווינקט אזוי אונ רופט.

ס'רוהען שוין די פויגעל<br>
אונ קיין ליעד מעהר שאַלט,<br>
ס'דרעמלען אויך די בוימער<br>
אין געדיכטען וואַלד.

אָפּטמאָל נור א ווינטעל<br>
גיט אין וואַלד א לאָף,<br>
נעהמט ארום די צווייגען<br>
קוסט זיי אָן אין שלאָף;

אונ מיליאַרדען בלעטער<br>
וואַכען אויף ערשרעקט:<br>
„וואָס האָט דאָ געטראָפען?<br>
ווער האָט אונז געוועקט?"

ס'ווערט אַזאַ געהיימע,
שטילע זשוזשעריי —
און זיי שלאָפען אַלע
איין באַלד אויף דאָס ניי.

ווידער איז פון לעבען
מעהר קיין הויך, קיין שפור —
ווידער דרעמעלט רוהיג,
זאַנפט איין די נאַטור.

נור א יונגער אינגעל,
אַכטצעהן יאהר קוים אַלט,
געהט איצט נאָך איין אוצר
אין דעם טיעפען וואַלד.

בלייכליך איז זיין פנים,
ברענענדיג זיין בליק;
און דאָס יונגע הערצעל
שפרינגט אין איהם פאַר גליק.

איהם אליין געהערען
וועט ער גאנץ געוויס;
ער אליין נור וויס דאָך,
וואו דער אוצר איז.

„אָבער, וועה, ווי וויט נאָך!"
רעדט ער שטיל צו זיך,
און ער הויבט אָן שפרייזען
גיכער אלץ און גיך.

מיט אן אוצר, ווייסט איהר,
איז דאָך זעהר שווער:
קומט מען צו מינוט ניט,
קריגט מען איהם ניט מעהר.

ער פערררוהט קיין רגע,
כאָטש ער פיהלט שוין שלאָף:
דען ער דארף נאָך מאַכען
אַ מהלך רב.

אָט פון נעכסטען בערגעל
מוז ער געהן אַ מייל,
ביז ער טרעפט די אַכטצעהן
סאָסנעס אין א צייל;

און פון יענע סאָסנעס
דאַרף ער געהן צום דוב,
וועלכער שטעהט געבויגען
ביי דער טיעפער גרוב.

און פון יענעם דוב דאָרט —
רעכטער האַנד צום טהאָל,
וואו עס וואַקסען קליינע
בוימלעך אָהן א צאָהל.

און אין טהאָל דעם גרויסען,
ביי דעם הויכען שטיין —
וואַרט דעם קרעטשמער'ס מיידעל,
און זי איז אליין...

## די שטריינגע וואַך

יאָ, דער טאַטע לאָזט אין וואַלד אונז
זאַלבענאַנד ניט געהן;
ער האָט פּחד מיך מיט בערלען
לאָזען דאָרט אליין.

רק ער ציטערט און ער היט אונז
יעדען שריט און טריט,
געהען מיר אין וואַלד שפּאַציערען
שיקט ער ציפּקען מיט.

„הערסט דו, טאָכטער, זאָגט ער שטרענג מיר,
„זאָם נישט, קום אויף גיך;
און דיין קליינע שוועסטער זאָלסט דו
האַלטען נאָהנט ביי זיך.

„שנעלער, ציפּקע, נעהם די שיכלעך,
טו זיי אָן און געה,
זעה, דו זאָלסט זיך ניט פערלירען,
האַלט זיך פעסט ביי זיי.“

און דער טאַטע שטעהט ביים פענסטער,
קוקט ארוים און היט,
ווי מיר געהען פּאַזע טייכעל
אַלע זאַלבעדריט.

ציפּקע איז א קינד א קליינעס,
זיעבען יאהר קוים אַלט,
און זי איז א גוטער שומר
ביז אין טיעפען וואַלד.

אָבער זיינען מיר שוין דאָרטען,
אַנדערס ווערט די זאַך:
דען מיר שיקען קלייבען בלומען
אונזער שטריינגע וואַך.

„זעהסט דו, ציפּקע,“ זאָגט מיין בערעל,
„דאָרטען וואַקסט א בלום!
לויף דאַך גיכער, ווייטער, ווייטער,
קוק זיך נור ניט אום!“

און זי איז א גאָלד אַ מיידעל,
פאָלגט א יעדעס וואָרט,
צייגט מען איהר, וואו בלומען וואקסען,
לויפט זי גיכער דאָרט.

ציפּקע זוכט און רייסט די בלומען,
ציפּקע איז שוין ווייט;
איך און בערעל זיצעןביידע
גליקליך זייט ביי זייט.

נעהנטער רוק איך מיך צו איהם צו,
נעהנטער ער צו מיר,

און אין הארצען קלאפּט עס, שפּרינגט עס
לוסטיג אָהן א שיער.

פלוצלונג הערט מען ציפּקען קומען
מיט א הויך געזאנג,
בערעל לויפט איהר שנעל ענטקעגען,
שיקט זי נאָך א גאנג.

אָ, ער איז א בראַנד א בחור
און ער האָט פערשטאַנד!
אייביג קען ניט ווערען נמאס
זיין מיט איהם ביינאַנד.

וואָס מיר מאַכען, וואָס מיר טוען,
דאָס איז אונזער זאַך;
ניין, איהר וועט דאָס ניט ערפאַהרען
פון דער שטרייגגער וואַך!

# די אַלטע יודאשע

עס איז איצט בין מנחה למעריב,
די זון האַלט שוין ווייט אין פערגעהן;
יודאַשע די אלטע אלמנה,
זי זיצט איצטביים פענסטער אַליין.

איהר פנים איז בלאָס און אין קנויטשען
פון יאהרען און צרות גאַנץ פיעל.

זי לעבט איצטער איבער איהר לעבען
דעם וויסטען. זי זיפצט אזוי שטיל.

און הונדערטער טרוי׳ריגע בילדער
אַלץ שוועבען ארום פאר איהר בליק;
זיי וואַקסען ארויס אזוי בולט
און שווינדען און קומען צוריק.

און וואָס פאר א שרעקליכע בילדער!
פון עלענד, פון ליידען, פון נויט — —
אָט שוועבען ארויף צוויי לויות:
איהר מאַנס און איהר קדיש׳עלם טויט.

און בלייכער נאָך ווערט זי אין פנים,
און פיינליכער זעהט זי נאָך אויס;
עס דוכט זיך, אָט־אָט, א מינוט נור
און אויס מיט דער אַלטעטשקער, אויס.

נור באַלד ווערען קלענער די קנויטשען
און שטראַהלען העבט אָן איהר געזיכט,
די אויגען די שוואַכע, די כמאַרנע,
זיי צינדען זיך אָן ווי די ליכט.

מיר דוכט זיך, עס וואָלט אין דער ווײלע
קיין איינציגער מענש זי דערקאָנט:
זי האָט אָן איהר ליעבע די ערשטע
אין יענער מינוט זיך דערמאָנט.

## פאָלקס־ליעד

שוויגענדיג דער טאַטע
זיצט אין שטוב פערקרימט,
און די מאַמע, נעבעך,
געהט ארום פערשטימט:

ביידע ווילען, יאסעל
זאָל צו מיר ניט געהן.
קיינער ליעבט מיין ליעבסטען
אויסער איך אַליין.

מאַמינקע געטרייע,
אָי, דו טוסט מיר לייד,
יאָסעלע, מיין ליעבסטער,
איז מיין גרעסטע פרייד.

ער איז אַזאַ גבור,
ער איז אזוי פיין,
ער קען טאַטע מאַמע
מיר און חתן זיין.

נעכטען שפעט נאָך מיטאג
האָב איך איהם געזעהן —
אין דעם גרינעם וועלדעל
זיינען מיר געווען.

טאַטע, בייזער טאַטע,
קוק מיך שטרענג ניט אָן,
יאָסעלע, מיין ליעבסטער,
האָט קיין שלעכטס געטאָן.

מוטערליך געצערטעלט,
פאָטערליך געקוסט,
חתן׳דיג געדריקט מיך
האָט ער צו זיין ברוסט.

ליעדעלעך געזונגען
ביז אין שפּעטער נאַכט —
יאָסעלע, מיין ליעבסטער,
האָט קיין שלעכטס פערטראַכט.

מוטערליך געטוליעט,
פאָטערליך געגלעט,
חתן׳דיג פערוויעגט מיך
אויפ׳ן גרינעם בעט.

אין די אָרעמס זיינע
איז מיין שיין געצעלט,
אויף זיין ברוסט דער ברייטער
איז מיין גאַנצע וועלט!

# בחורעל, מיידעלע...

ער אַ בליק, זי אַ בליק — ס'פינקלען צוויי בליקען.
„מיידעל, א קוסעלע, ס'האַרץ צו דערקוויקען!" —

„דיר אַ קוס, מיר אַ קוס, נאָר אַ פּאָר קוסען;
וואָס מעהרער, בחורעל, אַלץ מעהר פערדרוסען." —

„מיר אַ גלעט, דיר א גלעט, נאָר אַ פּאָר גלעטען —
נעהנטער קום, ליעבינקע, לאָז זיך נישט בעטען!

אָט אזוי, אָט אזוי, נאָך א פּאָר דריקען." —
„פאָרזיכטיג, ליעבינקער, וועסט מיך דערשטיקען!" —

נאָך אַ יויכץ, נאָך אַ זיפץ, ס'פינקלען צוויי טרערען.
„ליעבינקער, וואָס וועט פון מיר איצטער ווערען?"

נאָך אַ גלעט, נאָך אַ דריק, זודיגע קוסען...
„זיי געזונד, מיידעלע, ד'שיק דיר פיעל גרוסען!"

# פערלאָזען

לבנה און שטערען,
א פּראַכטפאָלע נאַכט.
ביים טייכעל, ביים בריקעל
שטעהט אסתר און טראַכט:

„מיין טאַטע — א שוסטער,
זיין טאַטע — א רב,
עס ווערען די זאַכען
צו גאר נישט דאָס רוב.

„אָט שטעה איך און וואַרט שוין
אַ גאַנצענע שעה,
און קוק אוים די אויגען,
ער איז אַלץ נישט דאָ.

„און הייליג פערשפּראָכען
צו קומען האָט ער" — —
עס גיט אין די אויגען
אַ בליאַסק איהר א טרער.

## די שווינדזיכטיגע

ער אַ גאַנץ בלייכער,<br>
זי אַ גאַנץ בלייכע —<br>
געהען זיי ביידע שפּאַציערען.<br>
ער געהט בעזונדער,<br>
זי געהט בעזונדער,<br>
ווילען זיי זיך נישט פערליערען.

ער האָט די שווינדזוכט,<br>
זי האָט די שווינדזוכט —<br>
וייט, ווייט פון ערדישע גליקען.<br>
ער זיצט אויף איין באַנק,<br>
זי איהם ענטקעגען —<br>
טרעפען זיך זייערע בליקען.

ער איז גאַנץ עלענד,<br>
זי איז גאַנץ עלענד —<br>
ווילט זיך זיי ווערען בעקענטער.<br>
ער קומט צו איהר צו,<br>
זי קומט צו איהם צו —<br>
יעדען טאָג נעהנטער און נעהנטער.

ער איז אַ יונגער,<br>
זי איז אַ יונגע —<br>
פלאקערען אויפ'עט די פלאַמען.<br>
ער קריגט זי העלטער,<br>
זי קריגט איהם העלטער —<br>
פיהלען זיי לייכטער צוזאמען.

ער דריקט צו איהר זיך,
זי דריקט צו איהם זיך,
קוסט איהם די אויגען, דעם שטערען;
ער האָט קיין קראַפט נישט,
זי האָט קיין קראַפט נישט —
מישען זיי ביידע די טרערען.

ער איז גאַנץ פרעמד דאָ,
זי איז גאַנץ פרעמד דאָ —
האָבען זיי ביידע נישט קיינעם.
ער האָט איהר ליעבע,
זי האָט זיין ליעבע — — — —
שטאַרבען זיי גליקליך אין איינעם...

## פריץ און קנעכט

אמאָל האָט אַ פריץ אַ רייכער געהאַט
אַ דיענער אַ יונגען, אַ בחור אַ כוואַט,
פאַר וועלכען אַ מיידעל געווען איז פער׳קנסט,
אַ שיינהייט, וואָס האָט פאַר אַ פרינצען געפּאַסט.
און ס׳האָט זיך דעם פריץ דאָס מיידעל פערוועלט;
עס וואַרפט איהם אין היץ און עס וואַרפט איהם אין קעלט,
דאָך, זי האָט געזאָגט איהם גאַנץ אָפען און פריי:
„איך ליעב מיין געליעבטען און בלייב איהם געטריי".
דאָס רייצט שטאַרק דעם פריץ, ער ברענט און ער גליהט.
און איינמאָל האָט ער זי אין וועלדעל דערהיט:

ער האָט מיט אַ קלאַפּ אויפ׳ן קאָפּ זי בעטויבט
און דאַן אָהן רחמנות איהר עהרע גערויבט.
און קוים האָט דער דיענער דערפון זיך דערוואוסט,
ער האָט פאַר יסורים געריסען זיין ברוסט;
ער נעהמט מיט אַ מעסער אַ לאַנגען מיט זיך
און לויפט צו דעם פּריץ אין פּאַלאַץ אויף גיך.
דער פּריץ איז נאָך אין דער היים נישט געוועזן —
דאַן האָט ער די פּריצטע אין צימער דערזעהן —
אַ פּריצטע אַ יונגע און איידעל און פיין. —
ער איז ווי אַ ווילדער אין צימער אריין
און האָט זי געשענדעט — ווי ס׳האָט אין דער נאַכט
דער פּריץ אין וואַלד מיט זיין כלה געמאַכט.
עס געהט פון דעם פּאַלאַץ דער קנעכט צו זיין הויז,
עס קומט פון דעם וועלדעל דער פּריץ אַרויס.
ער קוקט אָן זיין דיענער מיט גרויסען פערדאַכט
און פרעגט איהם: „וואָס זוכסטו דאָ אום ביי דערנאַכט?
וואָס האָסטו אין פּאַלאַץ ביי מיר איצט געטאָן?“
עס ענטפערט דער דיענער: „אַ צאָהן פאַר אַ צאָהן,
אַן אויג פאַר אַן אויג, און אַ לייב פאַר אַ לייב —
וואָס דו האָסט מיין כלה, דאָס האָב איך — דיין ווייב!“
און ווי ס׳האָט דער פּריץ די ווערטער דערהערט,
ער ציהט פון דעם שיידעל זיין שטאָלענעם שווערד;
דאָך, ס׳האָט אויך דער דיענער אַ מעסער געהאַט,
און ער איז געוועזן אַ בחור אַ כוואַט —
אַ שטאָך אויף א שטאָך אין א ווילדען געפּעכט,
און ס׳ליגען הרוגים צוויי, פּריץ און קנעכט.

# ער האָט זיך ענטשלאסען

ער האָט זיך ענטשלאָסען און האָט איהר ענטדעקט
זיין ליעבע, וואָס ברענט ווי אַ פייער.
זי האָט זיך דערמאָנט אָן איהר מאַן און איהר קינד,
וואָס זיינען איהר היילּיג און טייער.

זי האָט באַלד געריסען איהר פריינדשאפט מיט איהם
און איז אין איהר צימער ענטלאָפען —
געקוסט און געוויינט, און געוויינט און געקוסט
איהר קינד, וואָס האָט רוהיג געשלאָפען.

זי האָט אַזוי הערצליך און גליקליך געוויינט —
געפיהלט אַזוי ריין און גענעזען,
דערפאַר וואָס איהר נאָהנטקייט צו איהם איז נור בלויז
איין עהרליכע פריינדשאַפט געוועזען.

דאַך אָפטמאָלס, ווען ס'מאָלט די פאַנטאַזיע איהר אויס
דעם זעלביגען אָבענד דעם שטילען,
דעם הימעל, די שטערען, דעם גאָרטען, דעם בוים,
דאָס פייער פון זיינע געפיהלען,

וואָס האָט דאַן ביי איהם אין די אויגען געברענט,
זיין פנים דעם שיינעם נור טריבען —
דאַן וויינט זי פון נייעם: איהר דוכט, אַז ביי איהם
איז אַ טייל פון איהר האַרץ דאָך פערבליבען.

## די נייגעריגע

„ווייבעל, מאַך דיר נישט קיין צער,
געה נישט, געה נישט אין געפאהר,
ניט פערגעס, דו ביזט א פרוי,
זיי נישט נייגעריג אזוי!“

דאָך דאָס ווייבעל האַלט נישט אויס,
געהט צום וועלדעלע ארויס —
זי וויל וויסען, זי וויל זעהן,
וואָס אזוינס עס וועט געשעהן.

„ווייבעל, איצטער איז די צייט,
ביזט נאָך פון דער היים נישט ווייט;
קעהר זיך בעסער אום צוריק,
ס'ברענט צו פייעריג זיין בליק!“

דאָך איהר נייגער איז צו גרויס
און דאָס ווייבעל האַלט נישט אויס,
זי וויל וויסען, זי וויל זעהן
וואָס וועט ווייטער דאָרט געשעהן.

„ווייבעל, ביזט צו איהם צו נאָהנט,
זעה, ער האָט דיך שוין דערקאַנט,
פאַר'ן כבוד פון דיין מאַן

איז א רעטונג דאָך פֿאַראַן.
ציטערסט אַלץ נאָך נישט פאר שרעק?
קעהר דיך אום און לויף אַוועק!"

דאָך זי ציטערט און זי געהט,
צו די קוסטעס, וואו ער שטעהט.
זי וויל וויסען, זי וויל זעהן
ביז צום סוף, וואָס ס'וועט געשעהן.

„ווייבעל, ווייבעל, נאָך איין טריט
און פער'סם'ט איז דיין געמיט!
פאר די עהרע פון דיין קינד
ריים אוועק זיך און געשווינד!"

דאָך צו שווער איז איצט די זאַך.
דען דאָס ווייבעל איז צו שוואַך
און זיין אָטעם איז צו היים,
און זי פיהלט עס, און זי וויים...
ווי ער קוסט זי!.. ווי ער רעדט!..

„ווייבעל, ווייבעל, איצט איז שפּעט!"...

## די זינדיגערין

זי איז מיט איהם אין וואַלד אַוועק
נור יאַגדעלעך צו קלייבען.
זי האָט געמיינט, זיי וועלען דאָרט
אַ ווייליגקע פערבלייבען;

ער וועט איהר צייגען נאָה'נט אין וואַלד,
וואו יאַגדעס צו געפינען.
אויך בלומען בריינגען פאַר איהר מאַן
האָט זי געהאַט אין זינען.

דאָך ווייס זי ניט, ווי ס'איז געשעהן,
ווי דאָס האָט דאַן געטראָפען —
אַ יאַגדע דאָ, אַ יאַגדע דאָרט,
זיי זיינען ווייט פערלאָפען

אין גרויסען טיעפען וואַלד אריין,
געפלוידערט און געזונגען —
אַ יאַגדע רעכטס, אַ יאַגדע לינקס,
אַהין און הער געשפרונגען!

זיי זיינען ביז צום וואַסערפאַל
ביים טייכעלע געקומען,
די לופט איז מילד, דער וואַלד איז שטיל,
זיי ווערען ווי בענומען.

עס איז געווען נאָך מנחה־צייט.
די היץ איז שטאַרק געפאַלען,
און דורך די צווייגען וואַרפט די זון
די לעצטע גאָלדענע שטראהלען.

די פויגעל פילען אָן די לופט
מיט צערטליכע געזאַנגען;
דער וואַסערפאל, ער פלעסקעט צו
מיט ריינע זילבער־קלאנגען.

און דאָרטען הינטערן היכען באַרג
ווערט שטיל די זון פערזונקען;
אַ ווינטעל בלאָזט אַ קיהלינקער,
זיי ווערען ווי בעטרונקען.

זיי זיינען אויפ׳ן ווייכען גראָז
ביי׳ם בערגעלע געזעסען,
זי ווייס ניט, ווי דאָס איז געשעהן —
זי האָט איהר מאַן פערגעסען.

און ער, דער טייפעל, קוקט אויף איהר
מיט ברענענדיגע אויגען,
און נעהנטער, נעהנטער האָט ער אַלץ,
זיין קאָפּ צו איהר געבויגען.

עס איז געוואָרען מעריב־צייט,
עס לייכטען שוין די שטערען —

זי ווייס נישט, ווי דאָס איז געשעהן,
האָט נישט געקאָנט זיך וועהרען...

---

לייגגסט שלאָפט איהר מאַן זיין אייביג־שלאָף,
לייגגסט פוילען זיינע ביינער;
איהר ערסטע זינד, איהר לעצטע זינד
האָט נישט ערפאהרען קיינער.

דאָך יעדעס מאָל קוים צינדען אָן
אין הימעל זיך די שטערען,
איהר טריבער בליק, איהר מידער בליק
ווערט אימער פול מיט טרערען;

זי לעגט די הענט אויף איהר געזיכט
און שיקט צו גאָט אַ תפילה.
זי גיסט איהר גרויסען וועהטאָג אויס
און בעט ביי איהם מחילה:

דו קענסט מיין הארץ, דו ווייסט מיין וועה,
ביזט גנעדיג און געדולדיג.
איך ווייס נישט, ווי דאָס איז געשעהן,
פערגיב, ווען איך בין שולדיג!....

# נחמה און יוסף

און שטיל איז אין דרויסען, קיין הויך און קיין קלאַנג;
עס הילכט מעהר פון גאָרטען קיין פויגעל־געזאַנג.
עס שווימט די לבנה און רוהיג און שטום,
בעוואַכט פון די שטערען אַרום און אַרום;
עס שלאָפט ליינגסט דער עולם, עס שטומט אויך די מיהל,
אין שטעדטעל איז וואַרעם און רוהיג און שטיל.

וואָס הערט זיך דאָרט עפּעס אַ לייכטער גערויש
אין דונקעלען געסעל ביים שטיינערנעם הויז?
און וואָס פאַר אַ שאָטענס צוויי זעהט מען ביים וואַנד?
נחמה און יוסף דאָרט שטעהען ביינאַנד.
נחמה און יוסף — אַ ליעבענדע פּאָר,
מיט דונקעלע אויגען, מיט לאָקיגע האָר.
זי האַלט אויף זיין שולטער געבויגען איהר קאָפּ;
ער האַלט זיינע אויגען געלאָזען אַראָב.
די לאָקען צו לאָקען, געזיכט אָן געזיכט,
עס ברענען די אויגען ביי איהם ווי די ליכט.

„אָ, זאָג מיר, נחמה“, גיט ער זי אַ פרעג,
„וואָס איז דיר געוואָרען צייט עטליכע טעג?
וואָס האָט דיר געטראָפען, וואָס איז דיר געשעהן?
דו ביזט ניט די זעלבע, וואָס דו ביזט געווען:
די אויגען די קלאָרע פערחושך׳ט און נאַס,
די שטערען אין קנויטשען, דאָס פּנים גאַנץ בלאַס;
דיין ליעבליכער שמייכעל — פערשוואונדען, אַוועק.
דו ביזט מרה שחורה, מיך נעהמט אָן אַ שרעק!

און שיינקסט מיר אַמאָל שוין אַ ליעבליכען בליק,
דאַן ציטערט דיין קערפּער און ציהסט זיך צוריק.
האָט עפּעס איין אונגליק געטראָפען מיט דיר
חלילה? ערצעהל דאָך, ענטדעק דאָך פאַר מיר״.

„אָ, יוסף געטרייער, מיין שמערץ איז צו גרויס!
מיך פּייניגט, מיך נאָיעט, איך האַלט עס ניט אויס.
עס טהוט אזוי וועה מיר, עס טהוט אַזוי באַנג,
עס פּרעסט מיר מיין האַרץ אויף אַ גיפטיגע שלאַנג.
צו קען איך דען האַלטען אויף אייביג פערשטיקט,
וואָס קוועלט מיין געוויסען און פּלאגט מיך און דריקט?
אָ יוסף, אָ יוסף, מיר ליעבען זיך שלעכט:
איך בין דאָך קיין פרייע, מיר האָבען קיין רעכט;
איך האָב דאָך א מאַן שוין, איך האָב דאָך אַ קינד,
אַ וועה מיר, אָ וועה מיר, עס איז דאָך אַ זינד!
דערצו נאָך די חרפּה פאַר מיר און מיין זוהן,
ווען איינער חלילה דערוויסט זיך דערפון?״

נחמה, זי ציטערט און וויינט אין דער שטיל;
און יוסף, ער מורמעלט: „איך פיהל דאָס, איך פיהל;
דאָך, הער נור, מיין לעבען, מיך אויס מיט געדולד
און זאָג דאָך, ערקלער דאָך, צו האָבען מיר שולד?
צו רעדען מיר אָפּ דען אונז טרעפען ביי נאַכט,
ווען שטיל איז אין דרויסען, ווען קיינער מעהר וואכט?
צו מאַכען מיר אָפּ דען, אין וואָס פאַר אַ שעה?
מיר געהען, מיר קומען און זיינען שוין דאָ!
מיר גאַרען אונז טרעפען און קומען אויף גיך;
צו טאָרסט דו, צו טאָרסט ניט, דאָס טהוט זיך פון זיך.

און בין איך דיר נמאס, טאָ לאָמיר צוגעהן,
איך ברויך קיין געוואַלד ניט, דו זעהסט דאָך אליין!"

נחמה, זי ציהט זיך פון יוסף'ן אָפּ;
די אויגען אין טרערען, געזונקען דער קאָפּ.
איהר ווילט זיך אַנטלויפען, איהם לאָזען אַליין —
דאָך שוואַך איז איהר ווילען, זי בלייבט וויעדער שטעהן.
זי קרעכצט אַזוי מורא'דיג, יאָמערט אַ שרעק:
„אָ יוסף, אָ יוסף, איך קען ניט אַוועק!
וואָס האָסט דו געמאַכט דאָ, רוצח, מיט מיר!
דו האָסט מיך בעכישופט, עס ציהט מיך צו דיר;
מיך ציהט אַ געוואַלדיגע אייזערנע האַנד!
קיין גאָט מעהר אין האַרצען, קיין יושר, קיין שאַנד!"

פּאַמעלעך און צערטליך נעהמט יוסף איהר האַנד.
זיי לאָזען זיך לאַנגזאַם צום וועלדעל ביינאַנד.
עס בלאָזט אַזאַ וואַרעמער, שטילינקער ווינד,
עס הערט זיך פון ווייטען: „אָ וועה מיר, אַ זינד!"
עס הערט זיך אַלץ שטילער: — „הער אוים מיט געדולד,
נחמה, מיין לעבען, צו האָבען מיר שולד?..."

פערשוואונדען די שאָטענס אין וואַלד מיט אַמאָל;
און שטיל איז אין דרויסען, עס הערט זיך קיין קול.
עס שווימט די לבנה און רוהיג און שטום,
בעוואַכט פון די שטערען אַרום און אַרום;
עס שלאָפט נאָך דער עולם, עס שטומט נאָך די מיהל,
אין שטעדטעל איז רוהיג, אין שטעדטעל איז שטיל.

ברידער, שוועסטערלעך, געשווינד
גיט אַ פעדער מיר מיט טינט,
גיט אַ בלעטעלע פּאַפּיר:
עפּעס צאַפּעלט זיך אין מיר!
איך בין שוואַנגער און איך פיהל
ס'געהמט מיך אָן שוין. שטריינג און שטיל
דורך די אָדערען אַ קלאַנג
שפּאַרט און שטויסט זיך; אַ געזאַנג
פון מיין האַרצענס טיעף געצעלט
וויל ערהילכען אויף דער וועלט.
און עס העבט מיך און עס דריקט,
און עס בויגט מיך און עס שטיקט;
איינג די וועלט — איך האַלט ניט אויס,
יעדעס גליעד מיינס קעהרט זיך אויס,
יעדער מוסקעל קרעמפּפט און דרעהט
און איך בלוטיג און — אָה פרייד!
ברידער, שוועסטערלעך, געשווינד,
זעהט דאָך אָן מיין נייעס קינד!
און עס קוקט שוין פון פּאַפּיר —
מזל טוב! — אַ נייער שיר!...

# די הון מיט'ן האָן

(אַ גאַנץ אונשולדיגע פאַבעל.)

אַ מאָל איז געוועזען אַ הון מיט אַ האָן, —
אזוי העבט אַ מעשה אַן אַלטע זיך אָן, —
זיי האָבען געלעבט זיך אין נחת און גליק,
ער פלעגט איהר אָפט געבען אין העלזעל אַ פּיק;
זיי האָבען געלעבט זיך אזוי ווי עס געהט:
זי האָט געבריט הינער און ער האָט געקרעהט. —
נור פלוצלונג האָט איינמאָל דער הון זיך פערוועלט
בעוויזען, אַז זי איז אַ האָן אויף דער וועלט.
זי לויפט אין דעם גאָרטען, געפינט דאָרט איהר האָן,
און העבט אויף איהר לשון צו טענ'ענען אָן:
„קוררה, קוררה, איך וויל מעהר מיט די הינדלעך נישט געהן!
מיין הינערשער מח קאָן גאָר נישט פערשטעהן:
דו לעבסט דיר אין נחת, אָהן אַרבייט, אַ פּראַכט! —
און איך האָב קיין רוה נישט ביי טאָג צו ביי נאַכט.
באַלד לעג איך די אייער, באַלד זיץ איך און ברי,
קיין רוהיגע רגע, צי שפּעט אָדער פריה...
איך בין שוין פערמאַטערט און שוואַכלעך און קראַנק;
און גיסט דו מיר, קרעהער, דערפאַר כאָטש אַ דאַנק?
דיר גיט דאָס קיין קימער, וואָס מאַכט דאָס דיר אוים!
דו פּאַטשט מיט די פליגלען און קרעהסט זיך נור אוים.
מיין לעבען איז ביטער, מיין לעבען איז שווער,
איך האַלט דאָס ניט אויס און איך וויל דאָס נישט מעהר!
און בלייבט אויך די גאַנצענע וועלט אָהן אַ הון,
איך ברי נישט מעהר, ד'וויל נישט מעהר וויסען דערפון!
און, שטעל איך מיין הינערשען לעבען אין קאָן, —

ד'העב בעסער פון דיר נאָך צו קרעהען באלד אָן.
און ווילסט דו, די וועלט זאָל צו ענדע נישט געהן,
זיי מוחל און ברי דיר אוים הינער אליין!"
דער האָן העבט זיין קאָפּ אויף, דער האָן הערט זיך צו.
„נו, מילא, וואָס ווילסט דו? נו, קו־קו־רע־קו?
עס ווילט זיך דיר בייטען? מיר מאַכט דאָס נישט אוים,
דו גיב מיר נור אייער, איך ברי זיי שוין אוים."
די הון קוקט דעם האָן אָן און שרייט אוים מיט כעס:
„צי מיינסט דו דאָס ערענסט? צי מאַכסט דו דאָס שפּאַס?
דו ביזט מיר אַ הכם, אַז אָך דיר און וועה;
דו גיב מיר דיין גאָרגעל, דאַן גיב איך אַ קרעה!
ד'זאָל דיר געבען אייער? פערשטעהסט זיך, אַז ניין!
דו געה און פּרוביר זיי ערסט לעגען אליין!"
אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, דאָך גערעדט און געטאָן;
עס בייטען די ראָלען די הון מיט'ן האָן.
די הון רייסט איהר גאָרגעל אַהין און אַהער,
און גיט זיך נישט נאָך, כאָטש זי זעהט, עס איז שווער;
זי דרעהט עפּעס יא אוים אַ קי—קי—רע—קי. —
נור פרעגט דאָך, רבותי, שוין בעסער נישט ווי.
און ער האָט גענומען אויך זוכען זאָפּאָרט
צו לעגען די אייער אַ רוהיגען אָרט.
ער געהט זינט אַ וואָך פון קאַטוך נישט אַרוים.
און זיצט דאָרט און קוועטשט זיך און לעגט גאָר נישט אוים.
און ווילט זיך אייך וויסען די ענדע דערפון?
אַמאָל איז געוועזן אַ האָן מיט אַ הון;
זיי האָבען געלעבט זיך אַזוי ווי עס געהט:
געבריט האָט זי הינער און ער האָט געקרעהט...

## מײן װײב'ס מציאות

און מײן װײבעל ליעבט צו שפּאָרען;
און זי איז א בראַנד א בריה:
זי אין מאַרק איז שװער צו נאַרען —
װאָס זי קױפט איז א מציאה.

און דאָס צימער איז פערװאַלעט:
שלײערס, היט פון כל המינים,
גלאָזװאַרג, צאַצקעס, בענדער, שמאַטעס —
רק זי קױפט בחצי חנם.

„זעהסטו, בעריל, זאָגט זי פרעהליך,
װײטער אײנגעשפּאָרט אביסעל:
פאַר אַ האַלבען פרײז געקראָגען
האָב איך אָט דאָס מאַרמאָר־טישעל;

איך בין ניט װי אלע װײבער —
װײל דו ארבײטסט שװער פון יאָהרען,
אקער איך די גאַנצע שטאָדט אױס
און איך זעה דיר צו פערשפּאָרען.“

און זי געהט אלץ אין די קראָמען,
און זי הערט ניט אױף צו קױפען,
און זי שפּאָרט, און שפּאָרט, און שפּאָרט אַלץ
אױף דעם זעלבען אלטען אופן:

א מציאה ביי דעם שניידער,
א מציאה ביי דעם שוסטער —
און מיין קעשענע דערווײַלע
ווערט פון די מציאות פוסטער!

ליעבע ווייבעל! האָב רחמנות,
קויף דאָך מעהר ניט וואָלוועל זאַכען,
האַנדעל דאָך אַ מאָל אַ יקרות,
אפשר וועל איך בעסער מאַכען?

דאָך מיין ווייבעל זאָגט, אז שפּאָרען
קאָן מען נור פון גוטע קניות,
און זי נאַרט אַלץ אָפּ די קרעמער
און זי שלעפּט אַהיים מציאות.

# פֿאָהר איך מיר אין מעמעל

פֿאָהר איך מיר אין מעמעל צום יריד,
געהם איך מיר מיין יונגעם ווייבעל מיט.
וויל איך, זי זאָל קויפֿען צוועלף אַרשין
סחורה אויף א נייער קרינעלין.

געהען מיר פֿון בויד צוביידעל אום,
זוכען מיר אין מאַרק־פּלאַץ אומעטום.
געהען מיר אַ שעה אום נאָך אַ שעה
און קיין גוטע סחורה איז נישטאָ.

ווייט דאָרט, אין אַ ביידעל, איז פֿאַראַן
גאָר א וואונדער־שיינער יונגער מאַן,
קוילען־שוואַרצע אויגען, הויט ווי שניי,
און ער האַנדעלט שניטוואַרג אַלערליי.

זאָג איך צו מיין ווייב: „ד'בין מיד צו געהן".
זאָגט זי, אַז זי קען גאַנץ גוט אַליין
קויפֿען פֿון דעם בחור צוועלף אַרשין
סחורה אויף א נייער קרינעלין.

וואַרט איך אין אכסניה, וואַרט איך לאַנג.
פֿיהל איך, אין מיין האַרצען טוט מיר באַנג:
זאַמט זי זיך צו פֿיעל פֿאַר צוועלף אַרשין
סחורה אויף א נייער קרינעלין.

וואַרט איך אין אכסניה, וואַרט איך נאָך,
אפשר אין אַ ווײַלע קומט זי דאָך?
געה איך אויפ׳ן מאַרק־פּלאַץ שפּעט פאַרנאַכט,
זעה איך, אַז דאָס ביידעל איז פארמאכט.

גיב איך דורך אַ שפּאַלט מיין קאָפּ אַ רוק,
ד׳עפען ברייט די אויגען, ד׳גיב אַ קוק:
זיצען זיי דאָרט ביידע האַנד אין האַנד,
שושקענען זיך ליעבליך זאלבאנאנד.

רייס איך מיך אין ביידעל שנעל אַריין:
„אשת איש, וואָס טוסטו? איז דאָס פיין?"
כליפּעט זי דערשראָקען: „צוועלף אַרשין
סהורה אויף א נייער קרינעלין!"

שפּרינג איך צו צום בחור: „דו יונגאטש!"
קאשער איך די אַרבעל, ס׳פליהט אַ פּאַטש:
ווערט מיט פלאַם פערלאָפען אַזש זיין בליק.
און דער תכשיט גיט מיר צוויי צוריק.

פאָהר איך איצט אין מעמעל צום יריד,
נעהם איך שוין מיין צווייטעס ווייב נישט מיט:
ד׳ציטער פאָהרען קויפען צוועלף אַרשין
סחורה אויף א נייער קרינעלין.

# מיין הינטעלע

(טראַגעדיע.)

ד'האָב געהאַט א הינטעלע,
אַ קליין שוואַרצען הינטעלע,
קלענער פון דער קלענסטער קאַץ,
עפּעס גרעסער פון אַ ראַץ.
קלוג — עס דוכט זיך, אז ער רעדט,
און ער שלאָפט מיט מיר אין בעט;
גיט קיין ריהר זיך, גיט קיין ביל,
ווען איך זאָג, ער זאָל זיין שטיל.
ווייל קליין איז מיין הינטעלע,
רופען מיר איהם פּ י נ ט ע ל ע.

אך, ווי איז מיין האַרץ מיר שווער!
'ס לעבט מיין הינטעלע נישט מעהר.
נישט קיין קראנקהייט, נישט קיין נויט
האָט געבראכט איהם צו זיין טויט;
נישט פאר שוואַכקייט, נישט פאר שרעק
איז ער פון דער וועלט אַוועק —
נור די ליעבע מיט איהר מאַכט
האָט איהם נעבעך אומגעבראַכט,
איהם, מיין קלוגען הינטעלע,
מיין קליין־שוואַרצען פּ י נ ט ע ל ע.

׳ס איז געווען א זומער־נאַכט,
יאָ, אין אַכטצעהן אַכטציג אַכט,
׳ך ליעג אין בעט, אין שטוב איז שטיל,
׳ך הער, מיין הינטעל גיט א ביל.
׳ך קעהר מיך אום און גיב אַ טראַכט:
וואָס־זשע בילט ער שפּעט ביי נאַכט?
׳ך זעץ מיך אויף, איך קוק מיך איין —
איך דערזעה, די ליעבסטע מיין
שטעהט צו פוסען ביי מיין בעט,
האַלט מיין הינטעלע און גלעט.

הויבט זי שטיל צו רעדען אָן
מיט א טרויעריגען טאָן:
„׳ך האָב כמעט אַ גאַנצע נאַכט
מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט,
׳ס איז פון מיר דער שלאָף אַוועק
און איך ציטער אַזש פאַר שרעק.
׳ך באָרג ביי דיר דיין הינטעלע,
דיין קליין־שוואַרצען פינטעלע,
׳ך בריינג איהם שפּעטער אָב צוריק —
׳ס איז אַזוי מיר אומעטיג!“

קוק איך זי פערוואונדערט אָן,
נעם איך ביי דער האַנד זי אָן —
אָי, דו גנב׳טע, דו מיין,
וועסט דערפאַר בעשטראָפט באַלד זיין!
׳ך דריק זי פייערדיג צום ברוסט,

און א טויזענד מאָל געקוסט —
יאָ, אַ טויזענד מאָל, איך ווייס —
און א יעדער קוס ווי הייס!
פינטעלע האָט צוגעזעהן,
אַז עס איז קיין שלעכטס געשעהן,
גיט קיין ריהר זיך, גיט קיין ביל,
ליעגט צונויפגעדרעהט און שטיל.

ך'האָב געהאַט אַ הינטעלע,
יאָ, א קלוגען הינטעלע,
נור די ליעבע מיט איהר מאַכט
האָט איהם נעבעך אומגעבראַכט:
ך'האָב מיין ליעבסטע פעסט געדריקט
און מיין הינטעלע דערשטיקט —
צוגעשטיקט מיין הינטעלע,
מיין קליין־שווארצען פינטעלע!

אין דעמזועלבען אין דער־פריה
זי און איך, און איך און זי
גראָבען אויס א קליינע גרוב
אין דעם גערטעל נעבען שטוב,
בעטען־אויס מיט בלעטער פיין,
לעגען פינטעלע אריין,
זאָגען שטיל: „איצט ליעג אין רוה“,
דעקען מיר מיט ערד איהם צו,
און ביי אונז די טרערעלעך
קייקלען זיך ווי פערעלעך.

אום צו וויסען אויף געווים,
וואו זיין קליינער קבר איז,
וואו עס רוהט זיין טויטער גוף,
קייקעל איך א שטיין ארויף
איהם צוקאָפּענס לעבען צוים,
רעכטער האַנד פון עפּעלבוים.
און מיין ליעבינקע דערוויל
מאַכט א סימן מיט א פייל,
אַז דאָ ליעגט מיין הינטעלע,
אויפ'ן שטיין א פינטעלע.

## וואָס־זשע וויל זי נאָך?

(פראַגמענט.)

אַז איך ליעב זי, וויים זי דאָך,
היינט טו וואָס זשע וויל זי נאָך?
ניין, ד'זאָל צאפּלען זיך אין נעץ,
שטעלט זי קאַלט זיך אָן, מיין לץ.
קאַלט אַ טאָג צו מיר און צוויי,
ס'טוט דאָס האַרץ מיר אמת וועה;
נעם איך אָן אַ שטרענגען טאָן,
שטעל מיך זעלבסט נאָך קעלטער אָן,
און אויף יעדען קיהלען בליק
ענטפער איך מיט צוויי צוריק.
אדרבא, ליעבסטע מיין,
ווער פון אונז קאָן קעלטער זיין?
זעהט זי. אַז זי פיהרט נישט אוים,

ווערט זי בייז און מיידט מיך אויס.
זעה איך, אַז זי מיידט מיך אויס,
ציה איך אום אין שכן'ס הויז; —
ווערט זי מעהרער נאָך אין כעס,
ציהט זי אין אַ צווייטע גאַס;
פּאַק איך איין מיר מיין געפּעק,
פאָהר איך גאָר פון שטאָדט אַוועק.
לאָ'מיר איצט זעהן, ליעבסטע פיין,
ווער פון אונז קאָן קעלטער זיין!
קומט מיר אָן אַ בריעף אין האַנד,
אַז זי איז אין ענגעללאַנד.
ווער איך בייז שוין אָהן אַ שיעור:
זי קען קעלטער זיין פון מיר?
טראכט איך דורך אַ גאַנצע נאַכט
און ביי נאַכט האָב איך דערטראכט,
איהר צו צייגען איצט מיין קעלט,
מוז איך געהן אויף יענער וועלט.
געה איך און איך קויף אַ שטריק.
הויב איך טראַכטען אָן צוריק:
געה איך איינמאָל דאָרט אַוועק,
איז א מעשה מיט אַן עק, —
ד'וועל צומאָל נישט קאָנען זעהן,
ווער ס'איז קעלטער דאָ געוועזן.
בין איך דאָך אַ קלוגער מאַן,
זעה איך איין, עס איז קיין פּלאַן;
פּאַק איך מיינע זאַכען איין,
פאָהר צוריק אין שטאָדט אריין.
ברייננגט מען מיר א בריעף אין האַנד,

זי איז דאָ פון ענגעללאַנד.
הייסט עס, שוין אוועק דער כעס —
געה איך טרעפען זי אין גאַס.
קומט אַ פריינד פון שטוב אַרויס,
זאָגט ער, זי איז שוין אין הויז.
געה איך שנעל אין הויז אַריין,
טרעף איך דאָרט די ליעבסטע מיין;
קום איך זי און האַלז איך זי,
פאַל פאַר איהר דאָרט אויף די קני...
אַז איך ליעב זי, זעהט זי דאָך,
היינט טו וואָס זשע וויל זי נאָך?
ניין, ד'זאָל צאַפלען זיך אין נעץ
שטעלט זי קאַלט זיך אָן, מיין לץ!

## אין דרויסען איז כמאַרנע...

אין דרויסען איז כמאַרנע,
אין צימער איז קאלטליך...
איז טאַקע אַזוי דאָס ?
צו ווייל איך בין אַלטליך
און ס'שטאָקט שוין דאָס בלוט
אין ד'אָדערען מיינע,
קאָן איך נישט פערטראָגען
דאָס רייפע, דאָס פיינע,
וואָס ס'ברייננגט אונז דער הערבסט מיט,
און וואָס פּאַר אַ פּראכטען ער זאָל אונז נישט געבען,
זעה איך אַלץ אין זיי נור דאָס ענדע פון לעבען!...
איז טאַקע אַזוי דאָס,
און איך בין שוין אַלטליך ?— —

דער הימעל איז כמאַרנע,
אין הארצען איז קאַלטליך...

# עפּילאָג

איך האָב אָפט דערצעהלט פון אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט,
וואָס איך האָב צוזאַמען מיט באַקכוס פערבראַכט.
איך האָב אָפט בעזונגען דעם זילבערנעם כוס,
דעם וויין, וועלכען איך האָב געזויגען אָהן מאָס.
נישט אמת,
דאָס איז גאָר קיינמאָל נישט געשעהן:
עס איז נור איין־איינציגער בעכער געוועזן —
צו קידוש.

איך האָב אייך געזונגען פון מיידעלעך פיעל,
וואָס איך האָב געצערטעלט, געהאַלזט אין דער שטיל,
פון ליפּעלעך, וועלכע כ׳האָב דורסטיג געקוסט,
פון בריסט, וועלכע איך האָב געדריקט צו מיין ברוסט.
נישט אמת,
דאס איז גאָר קיינמאָל נישט געשעהן:
עס איז נור איין־איינציגע ליעבסטע געוועזן —
מיין ווייבעל.

איך האָב געזונגען פון ליעבע און האַס,
אונצעהליגע ליעדער אין ערענסט און שפּאַס,
אין מאַנכע געבענשט און אין מאַנכע געפלוכט,
אויף אלע געביטען צו דיכטען פערזוכט.
נישט אמת,
אויך דאָס איז קיינמאָל נישט געשעהן:
עס איז נור איין־איינציגער זמר געוועזן —
פול ליעבע.

ניט צושטערט איהם דאָך
יענע זיסע צייט
ווען ער געהט אַרום
אַ בעגייסטערטער!
ניט צושטערט איהם דאָך
יענע זיסע שעה,
ווען די שכינה זיך
צו דעם דיכטער צייגט!
יעמאָלט קריגט ער דאָך
פליעגעל מעכטיגע,
יעמאָלט שוועבט ער אום
הויך אין הימעלס־רייך...
יעמאָלט רעדט ער דאָס
מיט די שטערענדלעך,
מיט די גאָלדענע,
מיט די גלענציגע!...
יעמאָלט קלייבט ער אָן
פערעל הימעלשע
און ער פאַסט זיי איין
ניט אין ריינעם גאָלד,
נור אין זילבען פיין
מוזיקאַלישע,
אין געמאָסטענע,
אין געשליפענע.

און ער פלעכט פון זיי
פערזען הערליכע
און ער מאַכט פון זיי
ליעדער געטליכע,
און ער ברײנגט זיי מיט
פון דעם הימעלס־רייך,
צו ערפרעהען אייך,
און בעגייסטערען! — —

ניט צושטערט איהם דאָך
יענע זיסע שעה,
ווען די שכינה זיך
צו דעם דיכטער צייגט;
ניט צושטערט איהם דאָך
יענע זיסע צייט,
ווען ער געהט אַרום
אַ בעגייסטערטער!

## איך וויל

איך וויל א ליעד איצט שמיעדען
פון שוועבעל, פעך און פלאַם;
אַ בליץ אין יעדער שורה,
א דונער יעדער גראַם.

מיין ליעד זאָל פייער שפּריטצען
און זידען ווי אַ תהום,
ביז טויט איז אַלל דאָס אונרעכט,
ווי ס׳גאָט־פערשאָלט׳נע סדום!

## צו מיין פאָלק

זינג איך איהם פון ליעבע,
זינג איך איהם פון האַס,
ער בלייבט שטיל, בעוועגלאָז;
ס׳ווערט מיין בליק מיר נאַס.

ס׳נעהמט מיך אַזאַ טיעפע
ביינקענים אַרום —
פאָלק מיינס, זאָג וואָס איז דיר,
ביזט דו טויב צו שטום?

האָט דער לאַנגער גלות,
האָט די שווערע נויט

דיך פערטויבט, פערטומעלט ?
אָדער דו ביזט טויט, —

און די טענער מיינע
פאַלען צוועקלאָז, סתם,
ווי דעם ירדן'ס וועלען
אין דעם טויטען ים ?

## דער איד

ווידער איז אַוועק דער שבת,
ווידער קומט די ארבייטס־וואָך ;
ווידער זאָגט דער איד המבדיל
און ער שפאַנט זיך איין אין יאָך.

און ער ארבייט שוין פון נייעם,
און ער קריכט שוין אַזש פון הויט ;
גרוויזאַם איז זיין קאַמפף אין לעבען
מיט דער בייזער, שווערער נויט.

און ער טענה'ט שטיל צום בורא :
„אַך, דאָס לעבען איז אַ שרעק !
„גאָט, דו האָסט דאָך וואָס פערשפּראָכען,
„זאָג, וואָס גיסט דו ניט אַוועק ?

„קאָסט דיר דען חיונה טייער ?
„טוט דיר ארץ ישראל באַנג ?
„און דעם יום שכלו שבת
„וואָס פערהאַלסט דו אַזוי לאַנג ?“

# די וואָלקען

פערטראַכט זיצט ביים פענסטער מיין אינגעל דער קליינינקער
און לאָזט פון דעם הימעל קיין אויג ניט אַראָב.
„זאָג, טאַטע,“ גיט פלוצלינג א פרעג מיך מיין שיינינקער,
„וואו שטעלען די וואָלקען די כמאַרנע זיך אָב ?“

די וואָלקען, מיין לעבען, זיי ציהען און וואַנדערן
אַק׳ראַט ווי אין אייביגען גלות דער איד.
זיי קומען פון איין אָרט און געהען צום אַנדערן
און גיסען אַלץ טרערען — צי זעהסט דו דאָס ניט ?

עס יאָגט זיי נאָך תמיד דער שטורעם, ניט פיהלענדיג,
ווי שרעקליך ער טרייבט זיי, ווי גרויזאַם ער פלאָגט,
זיי זיינען אלץ כמאַרנע — זיי געהען ניט ווילענדיג,
זיי ציהען דערפאר, ווייל זיי ווערען געיאָגט.

און הערסט, ווי עס ווערט אָפט די ערד א פערציטערטע
פון רעגען, פון האָגעל, פון דונער און בליטץ ?
דאָס גיסען זיי אוים דאַן די הערצער פערביטערטע —
אָ, אייביג פערוואָגעלט זיין, איז דאָס א וויטץ ?

דאָס גיסען זיי אוים דאן די טרערען, פערבליבענע,
פון אור־אַלטע צייטען דעם ביטערען רעסט,
צוזאַמען מיט נייע אין וועג אָנגעקליבענע,
אויף יעטוועדער שטעלע — זיי שטעהען ניט פעסט.

עס קומט אַלע ווײַלע א ווינטעל אָן שטיפענדיג
און טרײַבט זיי פון נײַעם דורך היצען און קעלט.
זיי לאָזען זיך ווידער, מיט טרערען בעטריעפענדיג
אַ יעטוועדען אָרט אויף דער ריעזיגער וועלט.

זיי ציהען זיך לאַנגזאַם, אָהן אויפהער זיך שלעפענדיג
פון איין אָרט צום צווייטען, ניט װערענדיג מיד,
נור טרערען רק נײַע אין ימים אָנשעפענדיג,
אַק'ראַט ווי אין אייביגען גלות דער איד.

## היימאט
(פעראידישט.)

אָט הער איך ווידער א היימישעס ליעדעלע:
אָט זעה איך ווידער דעם עירוב, דעם צוים —
ביסט דו דאָס טאַקע, מיין ליטווישע שטעדטעלע?
אָדער איך זעה דיך אין טרוים?

אָן שטעהט דאָס שולעכעל, נאָהנט נעבען גראָבען דאָרט,
פענסטער צובראָכענע, קרומינקע ווענד — —
שטיבעלעך — קברים׳לעך, דעכלעך געזונקענע, —
ווידער האָב איך אייך דערקענט!

זאָג מיר, וואו זיינען איצט מיינע חברים׳לעך?
לעבען זיי, וואַנדלען זיי, זיינען זיי טויט?
זינג פון דעם וויעגעלע, זינג פון דעם ציעגעלע,
זינג פון דער אידישער נויט!

ס׳ציהט זיך אַ ליעדעלע, אַ מעלאַנכאָלישע,
טרערעלעך הייסינקע פליעסען אָהן שיער;
און פיעל עראינ׳רונגען, קינדערשע, הערליכע,
לעבען אין הארץ אויף ביי מיר.

# דעם שליאַבטשיטש'עס דאַנק

(א מעשה פון אַלטע און נייע צייטען.)

די מעשה, מיין קינד, איז אין פוילען געשעהן:
אַמאָל איז אן אכזר א שליאַכטשיטש געווען, —
אַ פוסטער בעל גאוה, אָהן מאַכט אין דער האַנד,
א טיפּישער קדיש פון פוילישען לאַנד.
און אין א מלחמה האָט גראד זיך געמאַכט,
אז ער האָט פערלאָרען א פוס אין א שלאַכט;
ער ליעגט אין א וועלדעל גאַנץ איינער אליין,
און קרעכצט „יעשטשע פּאָלסקאַ...“ און קען מעהר נישט געהן.

געוואָהנט האָט א אידעל נאָהנט איבערען וועג,
אַן ארימער סטאָליער מיט הובעל און זעג;
ער האָט איהם אין וועלדעל געפונען ביינאַכט,
ער האָט איהם צו זיך אין זיין שטיבעל געבראַכט,
ער האָט איהם די וואונדען פערבונדען בעזאַכט —
און נאָכדעם א הילצערנען פוס איהם געמאַכט.

דער שליאַכטשיטש שטעהט אויף א געזונדער פון באַנק,
און געהט פון דעם צימער און זאָגט ניט קיין דאַנק.
עס בעט זיך דאָס אידעל: „איך בין איצט אין נויט,
און דו האָסט אַ ראַניעץ א פולען מיט ברויט,
לאָז איבער א שטיק מיר צום עסען פאַר היינט,
און לאָמיר אונז שיידען ווי עהרליכע פריינד“.

דער אכזר דער שליאַכטשיטש דעם אידען קוקט אָן,
און זאָגט מיט א שפּאָטישען, צינישען טאָן:
„איך וועל דיר בעצאָהלען. עס וויל נישט אומזיסט
קיין טובות פון אידען אן עהרליכער קריסט!“
ער קעהרט זיך אום שנעל צו דעם אידען צוריק
און גיט מיט׳ן הילצערנעם פוס איהר א בריק.

# דער להכעיס־מאַרש

ווי איך בין א איד, ס'איז גוט און פיין,
א נחת פראָסט, א איד צו זיין!
איך האָב קיין לאַנד נישט, קיין געצעלט,
דרום איז מיין היים די גאַנצע וועלט,
און וואו איך געה און וואו איך קום,
איך שנייד מיין וועג דורך אומעטום!
ווערט פערשוואונדען, ווערט צושפרייט,
מאַכט א וואַרע, יעקב געהט!

ווי איך בין א איד, ס'איז גוט און פיין,
א העלדישקייט א איד צו זיין!
נאָר איינער צווישען הונדערט פיינד —
און דאָך איך עקזיסטיר ביז היינט!
און כאָטש איהר קוועלט מיך אַלע מאָל,
דאָך וואַקס איך אימער צו אין צאָל:
עס שטעקט אין מיר א ריעזען־כח
און ווי צו קינדלען ווייס איך אויך!
ווי איך בין א איד, ס'איז גוט און פיין,
א נחת גאָר א איד צו זיין!